יחזקאל סויבער

# געזאַמעלטע פאַבלען

— און —

# פּאָעמען

אָריגינאַל און בעאַרבײַטעט

נאָך קרילאָוו און אַנדערע

ארויסגעגעבען פון פערפאַסער.

הויפּט־פערקויף:

היברו פּאַבלישינג קאָמפּאַני

50־52 עלדרידזש סט., ניו־יאָרק

1915

# אינהאלט פערצייכנים

# פאָרוואָרט

עס איז נאָך פערבליבען אַ מנהג פון קדמונים, אַז יעדער מחבר זאָל צו זיין ווערק שרייבען אַ הקדמה, דאָס הייסט, אַ סאָרט סיין, אויף וועלכען עס ווערט מיט בולט'ע אותיות בע-צייכענט דעם גרויסען ווערטה און די פיעל נוצען פון די סחורה וואָס ער האָט צוגעגרייט פאר דעם עולם, ניט פערגעסענדיג, אַגב אורחא, צו לאָזען וויסען דעם לעזער זיין, דעם מחבר'ס איי-גענע יחוס, תורה, גדלות און השלמה, וואָס האָבען איהם געמאַכט אין שטאַנד אַזאַ אוצר פאָרצובערייטען.

נעהמענדיג דיעזעס אין אָנבעטראַכט, האָב איך, שטרויענער מחבר'ל, אין גאַנצען זיך געקענט פטר'ן פון דיזען מנהג, ווייל, זייענדיג נאָך אַ האַלבער גרינער אין אמעריקאַנער ביזנעס, האָב איך קיין גרויסע ידיעה אין הלכות „בלאָפען" און האַלט מיר ביי די אַלטע נאַרישקייט „יהללך זר"; זאָל דער לעזער, וועלכער וועט מיינע שעפּפונגען דורכלעזען זאָגען מבינות אויף מיינע ארבייט, אויב גוט, אָדער שלעכט. וואָס אָנבעלאַנגט ווידער מיינע אייגענע יחוס, איז מיר אויך אונמעגליך צו מאַכען דערפון אַ גוואַלדיגען צימעס. יעדער בן עיר מיינער וויים עס און בלאָפען קען דאָ ניט טויגען, מיין שלשלת היוחסין בקיצור איז אַזוי: שוין אַ פּאָאר שמיטה'ס אין אמעריקאַ. מיין

קאריער האב איך אנגעהויבען פון פעדלען מיט שמאטעס און דורך גאט'ס הילף זיך צוגעשלאגען צו א ווייב מיט 6 קינדער-לאך זאלען לעבען. די אידישע „פיער הונדערט" פון מיין שטעדטעל ווילען מיט מיר קיין מגע ומשא ניט האבען און אז אפילו ביי די „לאפצע דראפצעס", דאס הייסט, דער סארט, צו וועלכען איך אליין געהער, בין איך אויך איינער פון די קלענסטע יחסנים. די גאנצע צייט וואס איך געפין מיר צווישען זיי בין איך פערבליבען א פראסטער סאלדאט, קיין איינציגען געליינדעל מיר ניט אנגעטהאן, קיין ברעקעל אמט ניט געגעבען, ניט אין מילי דשמיא, ניט אין מילי דעלמא, דאס מיינט, ניט אין שוהל, ניט אין מקוה, ניט ביי די בעלער, ניט ביי די פיק-ניקס. דארט וואו איך קום בין איך, אזוי צו זאגען, פון די „זבורית", מיין ארט איז ביים טיהר, ניט קריג איך קיין כיבוד, ניט מאכט מען מיר מי שברך. קורץ, איך בין א פראסטער חי-וקים, מיינע יחוס אויף וויסטע וועלדער און פוסטע פעלדער, איך בין, ווי מיין איינענע פלונית'טע דריקט זיך אויס, „ניט צו גאט און ניט צו לייט," טו וואס זאל איך פון אייך דאפיר פערלאנגען ?

איי וועט איהר מיר פרעגען א קשיא : אם כן, אז יע אזוי, למה העזת פניך ? ווי קומט א כהן אויף דעם בית-הקברות ? ווי אונטערשטעהט זיך א אידעל וואס האט צו טהאן מיט שמא-טעס שענדען די מוזע מיט ליטעראַרישע שמירעכץ ? און פון וואס פאר א ווערטה קען איבערהויפט האבען א שרייבעכץ, פון א בן בלי שם, א פראסטען בשר ודם'ניק געגען די קונציגע לי-טעראַרישע מייסטער שטיקס, בעשאפען מיט די „גאלדענע פע-דערס" פון יענע משכילים, פראפעסארען, זשורנאליסטען, לי-טעראטען, פאעטען, גדולים ואנשי שם, וועלכע געפינען זיך שוין

יאָהרען לאַנג אין די איסט־בראָדווייער „קדשי קדשים׳ס“ צו פער־זאָרגען די פערשיעדענע אידישע אַמעריקאַנער מאַגענס מיט גייסטיגע שפּייז, יעדען נאָך זיין געשמאַק און יעד׳ען נאָך זיין אָרדער ?!

דאָס אייך פערענטפערען, וועל איך, ווי מיין שטייגער איז, מיט א משל.

אַ געוויסער פאַרמער האָט צוויי העהנער,
איינער פון זיי — אַ גרויסער קענער,
אין מוזיק האָט ער טאַלאַנט;
מיט אַ זיסען מעלאָדי,
קרעהט ער שעהן אין האַרמאָני,
גראַד ווי אַן עכטער מוזיקאַנט.

און ווען פון קרעהען ז׳ די צייט,
אויף׳ן וואונדער קומען לייט,
הערען דעם מייסטער׳ס זינגען;
און גלייך, להבדיל, ווי פון אַ גאון,
האָט דער נאָמען פון דעם האָהן,
אין דער סביבה גענומען קלינגען.

דאַן פאַלט דער פאַרמער אויף אַ פּלאַן:
גוטע מיטעל איז דאָ פאַראַן,
צו מאַכען אַ סך מזומן;
איהם בעצאָהלען,
אַלע זאָלען,
די וואָס קרעהען הערען קומען.

אַלץ וואָס מען בּעדאַרף דאָ טהאָן,
איז אָפּגעוואוינען דיעזען האָהן,
פון קרעהען פראַנק און פריי;
זיין קונסט זאָל ער ווייזען דאַן,
ווען נור אַן אויסקוק איז פאַראַן,
צו מאַכען געלד דערביי . . .

און מעג עס נאָך גאָר פינסטער זיין,
פון העללען טאָג קיין ברעקעל שיין,
האָט דאָ גאָר ניט וואָס צו זאָגען;
ווייזען מוז ער זיין טאַלאַנט,
זאָ שנעל ווי איך האָב אין האַנד
ממתקים דאַפיר געקראָגען.

און געלונגען איז דאָס
דעם בעל־הבית,
דעם האָהן האָט ער גוט געטריינט;
ניט קרעהט ער
אויף טאָג מעהר,
נור דאַן ווען דעם פאַרמער לוינט.

זיין חבר אָבער — דער צווייטער האָהן,
קרעהט פראָסט ווי ער קרעהען קאָן,
ווי די נאַטור האָט איהם געמאַכט;
זיין קרעהען איז אָבער אין דער צייט,
זיין צוועק איז — מאַכען וויסען לייט,
דעם אונטערשייד פון טאָג צו נאַכט.

דער נמשל דערפון איז: די העהנער וואָס זיינגען מרעיש עולם מיט זייער גרויס טאַלאַנט, מיט זייער שעהנעם זינגען, ווערען גלייך אויסגענוצט אויף געלד־מאַכעריי. מען קויפט אָפּ פון זיי די פרייהייט. זייער זינגען און קרעהרען איז שוין ניט נאָך דעם אייגענעם רצון, נאָר ווי מען זאָגט: „טו אָרדער“, דער בעל הבית גיט אַ וואונק — און אַזוי מוז מען טהאָן. הייסט ער קרעהען אויף טאָג ווערט עס גלייך ערפילט, כאָטש עס איז נאָך אויף דרויסען פינסטער, חשך. גיט ער אַן אָרדער אַ קרעה צו טהאָן אויף שלעכט וועטער, מוז דער האָהן פאָלגען, כאָטש פיהלענדיג דורך זיין העהנערשען אינסטינקט נאָך אַ לאַנגען זו־נען־שיין — און אַ מאָל מוזען אָט די פערקויפטע העהנער אין גאַנ־צען דאָס קרעהען איינהאַלטען, דאָרט וואו קרעהען איז געפאָ־דערט, וואו מען קען אָהן דעם ניט אויסקומען.

אזא האָהן, ווי איך בין אָבער, דאָס הייסט פּראָסט איינ־פאַך, דער שטים ניט געשליפען, דער קלאַנג טאַקטלאָז, אָהנע קונצען, דער קרעה וועט טאַקע זיין פּאַרטאַטציש, קיין מיטעל געלד צו מאַכען דערביי, אָבער דערפאַר אין ריכטיגען צייט, טריי נאָך דעם גייסט, וואָס דער בעשעפער האָט אין איהם אריינ־געגעבען: נעמליך, להבחין בין יום ובין לילה, ער פערשטעהט אַליין דעם אונטערשיעד פון טאָג צו נאַכט, און מיט דער גרעס־טער פּינקטליכקייט וועט ער עס די לייט איבערגעבען, אום דאַ־מיט מעהר אָדער וועניגער זיי ניטצליך זיין.

דער לעזער וועט אפשר קיין טאַלאַנט אין מיינע שעפּפונגען ניט געפינען, עס וועט אפשר ניט קונציג גענוג זיין בעאַרבייטעט, אָבער דערפאַר אמת און נוטצבאַר, און פון יעדען משל, יעדע מעשה׳לע איז דאָ עטוואָס צו לעהרנען פאַר דעם אַלטעגליכען לעבענס־געברויך.

אין שלום וויל איך זאָגען, אז דיעזע אויסגאַבע איז נאָר אַ קליינער טהייל פון מיינע „קרעהעכצען”, איך האָפפע קירצליך אַריינברענגען אין די אידישע וועלט אַלע מיינע „קינדערלאַך”, וועלכע דורך גאָט׳ס ברכה „להבחין בין יום ובין לילה” זיינען ביי מיר געבאָרען געוואָרען אין משך פון שעהנע עטליכע יאָהרען.

מיט אכטונג

יחזקאל סויבער (מילידי זאגער חדש).

שבט, תרע”ה, אַלענטאַון, פּאַ.

# עזעלשע קריטיק

הכל כשרין להיות מבקרין
אפילו חרש שוטה וקטן.

דער עזעל טרעפט דעם סאָלאָוויי.
„פריינד" זאָגט ער צו איהם אַזוי
ווי איבעראַל טהוסטו קלינגען,
אַלס קינסטלער אין זינגען
און מייסטער פון מוזיק;
וואָלט איך אַליין געוועזן גערען
אַ זמר'ל פון דיר הערען,
אום צו זיין אין שטאַנד,
איבער דיין טאַלאַנט
געבען מיין קריטיק".

דאָ הויבט דער נאַכטיגאַל זיין קונסט צו ווייזען אָן,
די כלים אָנגעשטעלט, אַ שוויטצער געטאָן
און טויזענדער טרעללען לאָזען זיך באַלד,
ווייט אַרום איבער פעלד און וואַלד,
אין מעלאָדיען פערשיעדענע הערען;
דאָ קלינגט עס אונמוטהיג מיט אַ איכה־קול,
ס'וויינט דער באַרג, ס'קלאָגט דער טהאָל,
עס וואָיעט די חיה, עס זיפצט די בהמה,

עס יאָמערען די ביימער, ס'נעהמט אַן אימה,
אויך די גראָזען גיסען מיט טרעהרען.

און פלוצלונג אַ פרעהליכ'ס גאָר אַ מחיה,
עס וועקט צום לעבען מיט האָפפנונג נייע,
אַ קול פון נצחון, אַ מאַרטש פון אַ זיעגער,
רוהיג ווערט דער לייב און מילד — דער טיגער,
פון מתיקות אַרעמט דער פאַסטוך זיין ווייבעל אַרום;
אַלעס ווערט פול מיט ליעבע, ניטאָ מעהר קיין האַס,
קול ששון וקול שמחה אין פעלד און אין גאַס,
די שעפּסען זיי טאַנצען, די לעמער שפּרינגען,
און וואו עס דערגרייכט דעם נאַכטיגאַלס זינגען
איז פרעהליך יום־טוב'דיג אומעטום.

געענדיגט האָט דער כלי־זמר זיין קאָנצערט.
„יעס" מאַכט דער עזעל „עס האָט אַ ווערטה
דיין זינגען, מען קען אַנדערס ניט זאָגען;
נור נאָך בעסער וואָלסטו געטאָן,
ווען דו וואָלסט ביי אונזער האָהן
נאָך אייניגע לעססאָנס געקראָגען;
אָ, דאַן איז דיין זינגען גאָר אַן אַנטיק"!
דער נאַכטיגאַל פון עזעל הערען אַזוי זאָגען,
איז אַוועק וואו די אויגען האָט איהם געטראָגען.

* * *

בעהיט אויך גאָט אונז פון עזעלשע קריטיק!

# די שפּאַצירענדע און די הינט

אַ מאָל זומער אָבענד צייט
האָבען אַ פּאָר יונגע לייט
אין לאַנד אַרויסשפּאַציערט ;
און ווי גוטע בעקאַנטע,
וועגען פראַגעס אינטערעסאַנטע
אַ געשפּרעך צווישען זיך געפיהרט.

פלוצלונג פון אַ נאָהענטע הויז
שפּרינגט אַ הינטעל אַרויס
און וואַרפט זיך בילען אויף זיי ;
נאָך אַ אויגענבליק, זיינען שוין דאַ צוויי,
דריי, פינף, אַכט, צעהן
נאָך אַ וויילע
אוי אַ יעלה !
אפשר פופציג זיינען שוין געוועזן.

יעדער לאָזט זיין קוויטש הערען,
אַז עס איז פערטויבט צו ווערען,
דאַ וויל שוין פון די פריינד איינער
קריגען אַ פּאָר שטיינער
די הינטישע קעפּ צו שפּאַלטען ;

„טהו עס ניט!” האָט איהם דער צווייטער אָפּגעהאַלטען:
„דאַמיט פערבעסערסטו ניט דיין מערכה,
נור צורייצט מעהר די הינטישע משפּחה,
דער לאַרעם וועט ווערען אַלץ גרעסער,
איך קען די הינטישע נאַטור, ווי דו בעסער.
ניט קוק אויף זיי, לאָמיר ווייטער געהן
לאָז זיי בילען,
ווי פיעל זיי ווילען
און אויפהערען וועלען זיי אַליין.”

און גענאַרט האָט ער איהם ניט;
אַזוי איז טאַקע געווען.
קוים זיינען זיי אַוועק אַ פּופציג טריט
האָט מען די כלבים שוין ניט מעהר געזעהען.

* * *

אַז צוויי פּיסיגע כלבים אויף אייך בילען,
פּאַסט אויף! וואַרפט אויף זיי קיין שטיין!
דער בעסטער מיטעל הינט איינצושטילען,
ווען מען לאָזט זיי נאָר אַליין.

# אַ צו שעהנע כלה

ראָזאַ, א מיידעל אַ גילטיגע שטיקעל סחורה,
האָט חתונה האָבען געקראָגען אַ חשק;
אין דעם, געוועהנליך, זעהען מיר קיין עבירה,
ביי דער גאַנצער וועלט איז דער זעלבער עסק.
דאָך איין זאַך האָט דאָ ניט געלוינט,
זי האָט זיך געהאַלטען פאַר זעהר שעהן;
און דאַריבער האָט זי געמיינט,
איהר חתן מוז זיין ר' צאַץ אַליין:
אי רייך, אי קלוג, אי פרום, אי גוט,
און זיין יחוס זאָל אַ וועלט בעריהרען:
אי אַ למדן, אי אַ משכיל, אי אַ העלד מיט מוטה,
צעהנדליגע מעדאַלען זאָלען זיין ברוסט בעציערען.
חוץ דעם ווי אַ יוסף זאָל ער זיין שעהן,
ווייבער פאַר איהם זאָלען די פינגער שניידען;
ליבען זאָל ער נור איהר אַליין,
אַנדערע פרויען ווי אַ פעסט אויסמיידען.
אויף איהר אָבער דזשעלעם; ניט זיין חלילה,
אַ פרייען, געוועהנליך, מוז זי האָבען טריט;
און אַז אַ חשד האָט ער אַ מאָל אַפילו....,
זאָגען אָבער טאָר ער גאָר ניט.
פערהייליגען זאָל ער זי ווי אַ גאָט
און ווי גאָלד זי שעצען טהייער;

פיר איהר מינדעסטען געבאָט,
זיין פערטיג זיך צו וואַרפען אין פייער.

נון גיעבען זיך חתנים אַ לאָז ווי פליעגען,
יעדען איינעם ווילט זיך די קראַסאַוואַציא קריגען,
אָבער אומזיסט די טרחה ס׳ריהרט זיך ניט פון אָרט;
קיינער אין איהרע אויגען האָט קיין חן,
דער איז ניט רייך, דער איז ניט שעהן,
און יענער איז גלאָט ניט גענוג ספּאָרט.
איינער איז ניט געבילדעט, דער צווייטער קיין העלד,
דער דריטער אָן עם האָרץ אין עטיקעט;
ביי יענעם דאַכט זיך, אַ ביסעל שכל פעהלט,
דער איז צו מאָגער דער אַנדערער צו פעט.
און געוועהנליך קריגען זיי אַלע די סעק,
מיט בזיונות שיקט זי זיי אַוועק,
ווייזענדיג די טהיר;
„ווי קומען זיי צו מיר״?
אונזער יפת תואר שרייט:
„איך האָב נאָך פלענטי צייט
חתונה האָבען איז ניט קיין האַסט,
ערסט מיר צוואַנציג יאָהר געוואָרען;
איך מוז קריגען דעם, וואָס מיר פּאַסט,
און מעג עם נעהמען נאָך איניגע יאָהרען״.

די איניגע יאָהר אַוועק, חתנים טרייען נאָך אַ מאָל
צו קריגען די שעהנע ראָזאַ׳ס האַנד;
אָבער פיעל וועניגער זיינען זיי אין צאָהל

און פיעל נידריגער זיינען זיי אין שטאַנד.
ווייניג בעמיטעלט,
גאָר ניט בעמיטעלט,
דער יחוס פון זיי אויך ניט גאַנץ טהייער:
„שטייטץ" שפרינגט די כלה ווי אויף פייער,
„אָט דאָס איז א העזה, זיך אונטערצושטעהן,
וועלען מיט מיר אונטער דער חופה געהן,
מיט מיר! וואָס מיין בליק,
האָט מיט אַ קורצע צייט צוריק
מאַגנאַטען געמאַכט פאַר שקלאַפען;
זאָל איך איצט אָט די אַפען
שענקען מיינע אויפמערקזאַמקייט?
היה לא תהיה! איך האָב נאָך צייט!
און קען נאָך ווארטען אַ ביסעל מעהר,
ביז קומען וועט טאַקע דער
וואָס וועט זיין בעסער ווי די אַלע"
און אַזוי איז ראָזאַ נאָך אַלץ ניט קיין כלה.

זי ווארט ווייטער, די צייט רוקט זיך טריט ביי טריט
און נעהמט ראָזאַ'ס יוגענד אַלץ מיט זיך מיט.
ביסלאַכווייז לעשט זיך אויס דער פייער פון די אויגען,
די סאַמעטענע געזיכט ווערט איינגעצויגען,
איהר ריהר, איהר קעהר, שוין ניט דאָס וואָס געוועזן,
שטייף איז איהר נייג, קאַלטליך איהר ברען,
די קראַפט פון איהר שיינקייט שאַפט שוין ניט שטאַרק.
קענטיג געפאַלען איהר פרייז אויף'ן מאַרק
עס ווייזט זיך שוין גאָר ניט קיין קונה;

דאָ אונזער יפת תואר קוקט זיך אַרום:
געהאַנדעלט האָט זי אי גראָב אי דום
און אַז איהרע חבר'טעס פון די זעלבע יאָהרען
זיינען שוין לאַנג באָבעס געוואָרען,
פערזעסען געבליעבען איז זי איינע,
יעס, זי האָט חרטה, נור אַ ביסעל צו שפּעט.
און אום אין גאַנצען קיין מויד ניט צו בלייבען,
ווען מען האָט זי מיט יאַנקעל דעם הויקער גערעדט,
הייסט זי גלייך תנאים שרייבען.

# דער זאַק

ביין אַריינגאַנג אין קאָררידאָר,
נעבען טהיר אויף דעם פלאָאָר,
האָט אַ פוסטער זאַק געוואַלגערט זיך ;
אַלס שמאַטע פלעגט עס דיענען,
די הויז־בעזוכער אָפּצוקלינען,
די בלאָטע פון די שיך.

מיט אַ מאָל (ווער ווייסט פאַר וואָס ?)
בעדענקט זיך דער בעל הבית
מיט דעם זאַק אַ טריק צו שפּיעלען ;
אַ בעפעהל גיט ער אַרויס :
אַריינצונעהמען די שמאַטע אין הויז,
און מיט רענדלאַך אָנצופילען.

און ניט ביין טהיר איז מעהר זיין אָרט,
נאָר אויבען־אָן אין פאַרלאָר דאָרט
האָט מען פאַר איהם אַ פלאַטץ געמאַכט ;
און ווי די אויגען אין זיין קאָפּ,
דער בעל הבית היט איהם אָפּ,
ווי ביי טאָג, אַזוי ביי נאַכט.

און גלייך נאָך דעם
האָט דעם זעקעל'ס שם
אָנגעהויבען צו קלינגען;
און די פרומאַקעס, ווי די אויפגעקלעהרטע
און די פראָסטאַקעס, ווי די געלעהרטע
אַלע מיט אַ מאָל,
מיט אַ הללויה־קול
פאַר איהם קדוש שפּרינגען

און ווי דער זאַק האָט דערפּיהלט
די גרויסע ראָלע, וואָס ער שפּיעלט,
ווי יעדער זוכט איהם צו האָוויערען;
קריגט ער שוין אַ מיין,
אַז ר' צאָץ איז ער אַליין
און קען אַלעמען קריטיקירען:

אַ נאַר איז זרח,
און אַן עם הארץ ברוך,
יאַנקעל'ס איז שלעכטע סחורה;
ווי קומט טרייטעל צו שלישי
און הירשעל צו שישי,
און טודרוס צו חתן תורה?

און אַלע, מיט די מיילער אָפען
הערען צו דעם בלאָפען
פון דעם נאַרישען פּראָסטאַק;
האָטש זיינע דרשות

נעהמט אָן אַ חלשות
ער איז דאָך אָבער אַ פוללער זאַק !

און מיינט איהר אפשר אויף לאַנג
האָט ער געהאַט דעם ראַנג
און געזעסען אויבען אָן?
האָט מען נאָר פון איהם די מזומן אַרויסגענומען,
איז ער צוריק בייט טהיר געקומען
זיין אַלטען דזשאַב צו טאָן.

* * *

יענע געוואָרענע אַריסטאָקראַטען,
דורך אַריינגעקראָגענע דוקאַטען,
וואָס בלאָזען זיך אָהן אַ שיעור;
מעגען האָבען אין זינען,
ווי נאָר די דאָללאַרס צו־רינען
איז זייער פּלאַטץ צוריק ביין טיער.

# דער וואָלף און די הינטישע פעל

אויף אַ פאַרם פון וואַלד ניט ווייט
פלעגט בגניבה פון צייט צו צייט
אַ וואָלף, מאַכענדיג אַ וויזיט,
אויף יעדען שריט און טריט
פעראורזאַכען אַ צרה;
האָט ער אַ שעפּסעל אָדער אַ קעלבעל דערטאַפּט,
גלייך אָהן צערעמאָניעס פאַר'ן גאָרגעל געכאַפּט,
אין איין אויגענבליק, געבען אַ דריק,
אַ וואָרף טאָן אויף זיך און מאַרש צוריק
אין וואַלד צו זיין נאָרע.

און אָבוואָהל ער האָט געהאַט
פון די גניבות חיונה זאַט,
דאָך אונזער וואָלף פיהלט זיך ניט גליקליך
און זיין האַרץ אימער אויף שטיקלעך
איז צובראָכען פון לויטער שרעקען;
פאַר די צייהנער פון די הינט,
פאַר די קוילען פון דעם פלינט,
פאַר דעם יעגערס שאַרפען בליק,
פאַר דעם פאַרמערס לאַנגע שטריק
און פאַר דעם פאַסטוכס שטעקען.

נאָר אַלץ ביז אַ צייט, עטוואָס האָט פּאַסירט
וואָס האָט דעם גנב צום גליק געפיהרט:
לויפענדיג אַ היים אַ מאָל פון יאַכט
האָבען זיינע שאַרפע אויגען בעטראַכט
אַ גע'פּגר'טען כלב ליגען;
ר' וועלוועל פאַלט אויף אַ פּלאַן:
די פעלל אַראָפּציהען פון בר־מנן
און דערמיט בעדעקען זיין גאַנצען גוף,
אום ער זאָל פון אונטען ביז אַרויף
דעם אויסזעהן פון אַ הונד קריגען.

אַלע גנבים האָבען גליק,
איינגעגעבען האָט זיך דער טריק,
פריי און פראַנק אויף דעם פאַרמערס גרונד
שפּאַצירט זיך אַרום דער „במקום־הונד"
בעדיענט יעדען ווי אַ טרייער קנעכט;
שטעלט זיך אָן פאַר אַ וועכטער אַ גוטען,
מיט די קעלבלאַך אַ גאַנצער מחותן,
מיט יעדען שעפּסעל אַ גאַנצער שמעלקע,
ביז ער פערנאַרט זיי דאָרט אין פעלקע
און אויף וואָלפיש טהוט ער אָפּ דאָס רעכט.

און אַט אַזוי האָט אַלס הונד פערשטעלט,
געקענט רוהיג לעבען אויף דער וועלט
אונזער וואָלף, דאָך דאָס איז איהם ניט גענוג,
נאָך שאַרפער מאַכט ער זיין בעטרוג,
אַ רעדנער ווילט זיך איהם נאָך ווערען;

זיין „ליעבע”, צו די שעפּסען, די הייסע
און די „חסדים” צו זיי די גרויסע,
וואָס ער טהוט
יעדע מינוט
אין אַ מליצה־שפּראַך ערקלעהרען.

נור קוים הויבט ער אָן זיין ספּיטש
האָט זיך גלייך אַ וואָלפישער קוויטש
דערהערט און אַרויפגעוואָרפען אַ שרעק,
די פּאַסטוכער, ווער מיט פלעקער, ווער מיט העק,
גיעבען זיך אַ לאָז אין דער מלחמה
און טאַקע גלייך אויפ'ן שטעל
האָט מען געשניטען די פעלל
פון פערשטעלטען הונד
וועלכער האָט אין גרונד
אַ וואָלפישע נשמה.

# נמשל

א מאָל האָט ביי אונז אין שטעדטעל
אַ געוויסער מיסטער פייטעל
זיך אָנגעגעבען אַלס רעווערענד ;
אויף'ן קוק נאָך אַ גרויסער ספּאָרט,
אַ צילענדער הוט — אַ שיינער באָרד.
און שנאָרען האָט ער גוט געקענט.

ער שנאָרט אויף וואָס ס'שטעהט די וועלט.
אי שוה כסף, אי באַרעס געלט
האָט יעדער פון רחמנות איהם געגעבען ;
„שטייטץ אַ איד, אַ בעל תורה,
ניט האָט ער קיין אַנדער ברירה
צו מאַכען ווי אַ לעבען.

און גוט האָט פייטעל אויסגעמאַכט,
אוצרות האָט איהם אַריינגעבראַכט
די נדבות וואָס ער האָט געקראָגען ;
פערוועלט זיך אָבער אַ מאָל דער שוטה
עפּענען זיין מויל די ברייטע :
פאַר'ן עולם אַ תורה זאָגען.

און דאָ גלייך מיט זיין ערסטען וואָרט,
דערקענט מען אין דעם שעהנעם באָרד
אַ פּראָסטען בעל עגלה;
פון דאַן אָן האָט שוין ניט געקענט,
פייטעל בור, אַלס רעווערענד
שפּיעלען מעהר קיין ראָלע.

# חטאים אין שטעדטעל

די כאָלעריע־פּעסט, נאַטור'ס נצחון,
האָט פּלוצלונג אין וואַלד אויסגעבראָכען.
ס'ממית'ט נפשות שטיק פּאַר שטיק;
און וואו מען ווארפט נאָר אַ בליק
פּגרים גאַנצע בערג ליעגען;
די מגפה הערשט ס'איז אַן אימה,
ס'קראַפּיערט די חיה, ס'פאַלט די בהמה,
ס'בושעוועט אין וואַלד, ס'קעהרט אין פעלד,
ס'כאַפּט דעם שוואַכען אַזוי ווי דעם העלד,
זיי פאַלען אַזוי ווי די פליעגען.

נון ווערט אַ מהומה אין דער גאַנצער מדינה,
ניט ווייזט קיינער קיין פרייע מינע,
אויף יעדען ליעגט אַ בייזע מורא,
אַז אויך איהם גרייכט די גזרה
פון מגפה'ס שוואַרצער האַנד;
ניט ווערגט דער וואָלף קיין שעפּסען מעהר,
זיין רויבער מלחמה גיט אויף דער בער,
די היהנער לאָזט דער פוקס צו רוה
אין פרישות דער אָקס לעבט מיט דער קוה —
אַ חורבן איבער דאָס גאַנצעס לאַנד.

(און דאָס איז שוין אַ כלל ביי פּראִים
וואו נאָר אַ „ויהי” זוכט מען חטאים)
דער קייזער גיט אַרויס אַ בעפעהל:
צוזאַמען קומען זאָלען שנעל
אַלע חיות — און לפני כל עם ועדה,
זאָל זיך אַ יעדער זיין מודה:
די חטאים וואָס ער איז בעגאַנגען
און וועמעס חטא איז דער שווערסטער
וועט מוזען זיין דער ערסטער
ווערען אַ גוטער בעטער
און אויף דעם מזבח פאַר די געטער
זיך פאַר אַ קרבן דערלאַנגען.

„איך” הויבט דער לייב זיין ווידוי אָן
„האָב שווערע עבירות געטאָן.
ניט ציילען קען קיינער
די נפשות, וואָס דורך מיינע ציינער
מיט מיתות משונות זיינען געשטאָרבען;
זאָגאַר בייבים אין מוטערס הענד צוריסען.
מענשען, חיות, פלעג אַלץ געניסען,
אָמנם חטאתי! איבער מיר איז די מגפה
און בין זיך אַליין דן צו שרפה
פאַר די געטער אַלס אַ קרבן”.

„האָלד אָן” מישט זיך דער פוקס אַריין
זאָל דער מלך אויף לאַנגע יאָהרען זיין.
„מיר זעהען אין דיינע מעשים קיין ברעקעל חטא;

וואָרום אין דער אמת'ן גערעדט:
ביסט חלילה ניט געגאַנגען גאָט אין ספּייט;
אין גרונד ביסטו אַ צדיק גמור, שטאַרק דיין אמונה,
נאָר וואָס אַנבעלאַנגט צו חיונה
איז דאָ אַ בפירוש'ער דין:
האָט מען נאָר גאָט אין זין
מעג מען פּייפען אויף די לייט".

ס'קומען נאכהער אויך אַנדערע חיות,
יעדער מיט צדיק'שע פרומע העויות
איז זיך מתודה באריכות
זיינע געפעהרליכע רציחות,
גניבות און גזילות פון גאַנצען לעבען;
נור דער זעלבער סניגור וויעדער
ריינוואַשט זיינע ברידער,
מיט פערשיידענע פּרושים
מאַכט ער זיי פאַר אַנוסים,
כאָטש נאָך יעדען א מורנו געבען.

אַם ענדע קומט דער אָקס צו געהן,
הויבט אָן זיין ווידוי מיט אַ געוויין:
„כ'בין אַ מאָל דעם רב'ס הויז פערבייגעגאַנגען,
אַ שטרוי־זאַק איז אויף דעם פענס געהאַנגען
און דער יצר־הרע האָט מיר צוגערעדט, אוי ווער!
צו גריזשענען פון זאַק די שטרוי;
און דאָס, דענק איך, האָט אָנגעמאַכט די גאַנצע צרה"
„יעס"! האָבען די חיות אַ געשריי געגעבען,

„דו אָקס, האָסט זאַטשעפּעט דעם רבי'ן,
דיינע זינד איז פון אַלעמענס גרעסער
און דו מוזט דערפאַר, ווילדער פרעסער !
געהן פאַר די גאַנצע עדה אַ כפרה."

# קאָמוניזם

(כל דאלים גבר)

אַ לייב, אַ וואָלף, אַ פוקס און אַ הונד
האָבען פרייוויליג געמאַכט אַ בונד
צווישען זיך קאָמוניסטיש צו לעבען;
ווען איינער וועט וואָס פאַנגען
זאָל צו די קאָמיוניטי בעלאַנגען
און קהל זאָל איהם זיין חלק געבען.

די התחלה האָט דער פוקס געמאַכט.
אַ געפאַנגענעם הירש האָט ער געבראַכט
און לייגט עס פאַר די שותפים אַ ניעדער;
„היער איז מיין רויב,
געעהרטער הערר לייב!
צו טהייל דאָס צווישען אונזערע ברידער".

„אָלל־רייט", זאָגט דער לייב „מיר זיינען פיער
איין פערטיל אַלס פאַרטנער געהערט צו מיר
און אַלס קעניג איז גאָר קיין קלעהר,
קומט מיר אַ פערטעל מעהר,

פון מיין גבורה וויעדער, ווער האָט ניט געהערט,
איז דאָס ניט נאָך אַ חלק ווערטה ?
און פון די שיריים נעהמט איינער פון אַייך אַ שמעק
געהט פון דאַנען אַ לעבעדיגער ניט אַוועק.

*　　*　　*

קאַפּיטאַליסטען,
סאָציאַליסטען,
דער זעלביגער שוואַרץ יאָהר ;
האָט נאָר ווער
כּחַ מעהר
נעהמט צו אין גאַנצען גאָר.

# אַ בּענד

אַן אַלטער עזעל, אַ פערד אויף אַ־זיינער,
אַ קאָנסאָמפּטיוו אָקס, א הונד אָהן ציינער,
אַ וואָלף אַ בעל תשובה, אַ באָק אַ חשוך בנים
און נאָך אַ פּאָר אַנדערע וואַלד־בטלנים
האָבען אויף אַ מיטינג איינשטימיג בעשלאָסען:
כלי־זמר צו קריעגען, מוזיקאַנטען ווערען,
די געטליכע מוזיק אין וואַלד לאָזען הערען;
בעלער און קאָנצערטען דאָרט איינצופיהרען
און זאָלען זיך ווי די צוויי פיסיגע אַמוזירען,
די אַלע פון וואַלדישען קלייזעל גענאָסען

גערעדט און געטאָן, מען נעהמט זיך מיט חשק,
עס ווערט פערשאַפט אַלץ וואָס פאָדערט צום עסק:
אַ פיעדעל, אַ באַס, אַ צימבעל אַ קאָרנעט,
אַ פּייקעל אַ פייפעל אויף נאָטען אַ סעט,
נויטהיגע בעדזשעס און כלי זמר'שע מונדירען;
שיידען פאַר די כלים, פאַר די נאָטען אַ סטענד.
און אַנדערע מכשירים וואָס געהערט צו אַ בענד.
אַם ענדע האָט מען פון צווישען די ברידער,
עלעקטעד אַ פּרעזידענט — ס'מיינט אַ לידער
צו שטעהען אין פראָנט די בענד דיריגירען.

מיט מזל, מיט גליק עס צוזעצט זיך דער עולם.
דער ליעדער, נאָך׳ן סדר צו טהיילט די כלים.
ער אַליין רעספּעקטפול מיט דעם פנים צום בענד,
שטעלט זיך אין פראָנט מיט דעם שטאָק אין די הענד.
גיט דעם געוועהנליכען צייכען, דאָס שפילען פאַנגט אָן;
דאָ יעדער מעמבער מיט זיין גאַנצען גוף
הויבט דעם אינסטרומענט אַראָפּ און אַרויף,
וואַרפט די כלים פון אַלע זייטען,
דריקט צו זיך, האַלט עס פון ווייטען,
אָבער אומזיסט, ס׳קומט ניט אַרויס קיין איינציגער טאָן.

נון וואונדערן זיך די מעמבערס. יעדער פערלאַנגט די פלאָאָר:
פאַר וואָס די מוזיק ניט אָנגעהויבען צו געהן האָט גאָר.
„קאַמעראַדען!" טרייסט דער לידער, „פערלירט ניט קיין מוטה!
מיר האָבען קיין סוקסעס, ווייל איהר זיצט ניט גוט;
קלייבט אוים אַייערע סיטס גאָר איבער דאָס ניי;
ברודער אָקס, קום זיי מוחל אַהער!
נעבען דיר ועט זיך זעצען דער בער,
נעקסט דער הונד, ביי איהם דער פערד
און דו עזעל זעץ דיך אַוועק פערקעהרט!
פערטיג? הויבט אָן, איינס, צוויי, דריי!"

אָבער אַ נעכטיגער טאָג, ניט געהט עס פון אָרט,
מען נעהמט ווידער דעבאַטירען, מען בעט דאָס וואָרט.
פון איין אָרט צום צווייטען ווידער מופען אַרום,

ס׳העלפט אָבער ניט, די כלים בלייבען שטום.
פלוצלונג דערזעהען זיי אַ סאלאוויי פליהען פון וויטען;
(און אַז דער נאַכטיגאַל איז אַ יודע אין מוזיק
האָבען די חיות שוין געוואוסט לאַנג צוריק)
אַלע מיט אימפעט לויפען ענטקעגען,
דעם מוזיקאַלישען מייסטער פרעגען:
די סיבה פון דעם טראָבעל, וואָס זאָל בעדייטען.

„קאָלעגא" האָבען זיי זיך צו איהם געווענדט:
„מיר האָבען צייט און מיה געספענדט,
אַ בענד אָרגאַניזד, כלים געבראַכט,
בעדזשעם געקראָגען, אַ פרעזידענט געמאַכט,
געזונדערהייט דאָס אַלעם צו פערניצען;
נור ווי מיר פערשטעהען איז אַ צרה דערביי:
אונז חיות איז ניט קלאָהר די הלכות זיצעריי.
דערפאַר זיינען מיר אַלע גערען
זאָלסט אונז, פליז ערקלעהרען:
ווי מוזיקאַנטען דאַרפען זיצען."

„מיינע פריינד" קורץ ענטפערט דער נאַכטיגאַל.
„ניט דער געזעם שפיעלט אַ ראָלע אין דיעזען פאַל.
אַ מוזיקער צו זיין פאָדערט אַ געפיהל;
האָט מען עס ניט, קען מען זיצען ווי מען וויל,

גלייך, קרום אָדער גאָר איינגעבויגען,
פאַר אַ מוזיקאַנט וועט מען דאָך ניט טויגען".

* * *

אונזערע צוויי פּיסיגע חיות זאָלען זיך ניט שעהמען,
פון דיעזען משל זיך אַ מוסר אַראָפּנעהמען,
אַז זייערע זיצונגען קענען קיינמאָל ניט ברייגנען צום ציעל,
בעהאַנדלענדיג פראַגען אין וועלכע זיי האָבען קיין געפיהל.
ווי לאַנג אַ דירעקטאָר אין תלמוד תורה איז מאַטקע בול
און בערקע לאַטוטעס אַ פּרעזידענט אין שוהל,
קען פון די אידישקייט ווערען אַזאַ ענד,
וואָס עס איז געוואָרען ביי די חיות דער בענד.

# דבר־אַחר׳שע ישרנות

א הונגער, אַ שוואַכער
פערבלאָנדזשעטער דבר אחר,
אָהן מיטלען און אָהן אַ היים,
האָט געפונען אונטער א בוים
אַראָפּגעפאַלענע ניס ליעגען;
ס׳פרעסט פון זיי דער שוויין,
ווי פיעל אין איהם געהט אַריין
און אַז ער איז פאַרטיג מיט דער אַכילה,
נעהמט ער פלייסיג מיט זיין רילאָ (שנוק)
פון בוים די וואָרצלען אַרויסקריעגען.

„היי, פערסק, וואָס געהסטו טאָן״?
קרעהט צו איהם פון דאַך דער האָהן.
„דו ווענסט דעם בוים פערדאַרבען;
ווען זיינע וואָרצלען איז צוגראָבען,
קיין יניקה קען ער מעהר האָבען,
מוז ער דאָך גלייך שטאַרבען״.

„לאָז ער שטאַרבען, נעווער מיין,״
חוצפּה׳דיג — ערוויעדערט דער שוויין.
„ניט קימערט מיר עם אויף אַ האָאָר;
זיינע ניס, זעהסטו קען איך ניט פערגעסען,

דאָס איז גוט פאַר מיר צו פרעסען,
אָבער דער בוים, כאַפּט איהם דער שוואַרץ יאָהר".

„דו לומפּ!" שרייט אויס דער בוים דאַן.
„ניט אַ ברעקעל יושר איז ביי דיר פאַראַן,
מיט דיין חזיר'שען מח נור בעטראַכט!
ווער האָט דיך איצט זאַט געמאַכט?
ווער האָט צוגעגרייט די נים פאַר דיין שנוק?
דאָס האָב איך, איך געטאָן פאַר דיר!
און דו אָנשטאָט אָבצודינען מיר,
אָנשטאָדט צו געבען מיר אַ דאַנק
זוכסטו גאָר מיין אונטערגאַנג
אָ, זיי פערדאַמט דו אונדאַנקבאַרער פערסק!

* * *

דו קענסט, לעזער, חזירים אויף צוויי פיס,
פאַר וועלכע דו האָסט אָנגעגרייט ניס,
און נאָך דעם, ווי זיך אָנגעפרעסען האָבען זיי זאַט,
איז געווען קללות און חרמות
און בלוטיגע נקמות
דער דאַנק, וואָס דו האָסט פון זיי געהאַט.

# דער אַלטער לייב

דער מעכטיגער לייב, הערשער פון וואַלד
איז אַריין אין יאָהרען, געוואָרען אַלט.
ניטאָ קיין קראַפט מעהר אין די ביינער,
ניטאָ אויך יענע שאַרפע ציינער,
וואָס פלעגט אַרויפוואַרפען אַן אימה
אויף יעדער חיה און בהמה
אין דער גאַנצער סביבה אומעטום;
שוואַך און קראַנק אין דרייען איינגעבויגען,
מיט אַ יאוש־בליק אין זיינע אויגען
קוים, קוים שלעפט ער זיך אַרום.

אַ סוף צו זיין מלוכה. ס'ווערט אין לאַנד
פון די בירגער אַן אויפשטאַנד;
זיי ערקלעהרען דעם קיסר מלחמה,
צו נעהמען פון איהם נקמה
פאַר אַ מאָהליגע עבירות;
זיך אָברעכענען מיט דעם אַלטען,
וואָס האָט זיי אין מורא געהאַלטען,
און זיי שטיקען
און זיי דריקען
מיט פערשיעדענע גזרות.

דער שטאָלצער פערד גיט אַ בריק איהם,
דער אָקס מיט די הערנער אַ דריק איהם,
דער שוויין מיט זיין שנוק רייסט,
דער וואָלף מיט די ציינער בייסט;
אונזער העלד עמפּפאַנגט גרויסמוטהיג זיין שטראָף;
כאָטש שרעקליך זיינען די וועהען,
דאָך אָהן קרעכצען אָהן געשרייען,
מיט די בראַווקייט פון אַ גבור,
געדולדיג טראָגט ער אַלעס אַריבער,
ערוואַרטענדיג רוהיג זיין ביטערען סוף.

אַם ענדע קומט דער עזעל אויך.
און פערמעסט זיך מיט גאַר זיין כח
דעם זקן אַ בוכצע צו געבען;
אַ גאָט! מאַך אַן ענדע פון מיין לעבען!
האָט געפּלאַצט די געדולד ביים העלד,
„נעהם מיך גלייך צו פון דער וועלט!
ווי שרעקליך דער טוידט זאָל ניט זיין,
פערשאַפט ער דאָך ניט אַזוי פיעל פּיין,
אַזוי פיעל צרות און יאָמער
ווי די בעליידיגונג פון אַ חמור....

# דער אַלטער און דער טויט

אַ מאַן אָרעם, שוואַך און אַלט,
צוזאַמענקלייבענדיג אין וואַלד
אָראָפּגעפאַלענע צווייגען פון אַ בוים,
פון זיי אַ בינדעל האָט ער געמאַכט,
נעהמט אויף זיך און לאָזט זיך זאַכט
אויפ'ן וועג צו זיין היים.

לאַנג האָט זיך דער וועג געצויגען,
פאַר דעם, אונטער משא געבויגען,
שוואַכען, קראַנקען אַלטען,
וועלכער דורך מיה, צרות און נויטה,
וואָס זיין לעבען האָט איהם בעגלייט.
האָט זיך קוים אויף די פיס געהאַלטען.

ער שטעלט זיך אַם ענדע אָפּ,
לאָזט דעם בינדעל פון זיך אַראָפּ,
און זיפצענדיג בעטראַכט ער זיין לאַגע :
„אָ, דו גאָט, ליעבער מיין !
וואָס וועט איצט פון מיר זיין ?"
שטעלט ער זיך אַ פראַגע.

„וואָס טויג מיין לעבען אויף דער וועלט ?
אַז מיטלען אויף דאָ זיין פעהלט,
און מיין פאַמיליע איז אין נויטה ;
איידער צו ליידען אָהן אַ שיעור,
איז שוין בעסער פיעל פאַר מיר —
אַ גיכער, זיסער טויט !".

דאָ פּלוצלונג דעם בעל-דבר אַליין,
זעהט דער אַלטער פאַר איהם שטעהן,
מיט די הונדערטע שרעקליכע אויגען :
„דיין בקשה האָב איך פערנומען,
נאָך דיין פערלאַנג בין איך געקומען,
זאָג, וואָס קען איך פאַר דיר טויגען ?".

„גנעדיגער טויט, זיי ניט בייז !"
ציטערענדיג רעדט קוים אַרוים דער גרייז,
„איך בין שוואַך, — מעגסט מיר גלויבען,
און געוועזן וואָלט איך גערן,
דעם בינטעל האָלץ, דעם שווערען,
העלף מיר, פּליעז, אויפהויבען !".

* * *

ווי שלעכט דאָס לעבען ניט זיין זאָל,
דאָך דער טויט ערגער איז פיעל מאָל.

# די טויב און די קראָהע

מען קען ניט וויסען ווי אַזוי,
אַ טויב פון נאַטור וויים ווי שניי,
אַ סיבה האָט אַמאָל פּאַסירט:
מיט פאַרב, שוואַרץ ווי קויל,
האָט זי דעם גרעסטען טהייל
פון איהר קערפּער איינגעשמירט.

דער פון געבורט שוואַרצער וואָראָן,
טרעפט זי אָן:
„האַ!" לאַכט ער, „דערלעבט יאָהרען,
ס'איז אַצינדער
דיין יחוס אַרונטער,
גראַד ווי איך ביסטו שוואַרץ געוואָרען.

נור מיט אַקליינעם אונטערשייד" —
די טויב האַקט איהם אָפּ די רייד:
„מיין שוואַרצקייט קען וואַסער פערטרייבען,
אָבער דו, מיין פריינד,
וואָס דיר ביז מאָרגען פון היינט,
וועסטו אימער שוואַרץ פערבלייבען!".

# דער מילנער

וואַסער האָט אַ מאָל אין אַ מילל,
דורך דעם זאַסטאַוו, ניט פיעל
אָנגעהויבען צו רינען ;
און גלייך ווי דאָס האָט געשעהן,
וואָלט דערצו גאַנץ לייכט געווען
אַ תרופה צו געפינען.

אונזער מילנער איז אָבער פון יענעם סאָרט,
וואָס ריהרען זיך ניט פון אָרט,
ביז מיטלען זיינען אַלע אויס ;
דאָ די צרה ווערט אַלץ גרעסער,
שטאַרקער דריקט אַלץ דער פרעסער,
וואַסער, עמערוויים לויפט אַרויס.

נאָך אַלץ דער מילנער קיין אַטענשאָן גיט :
„אַ ים וואַסער" זאָגט ער, „בעדאַרף איך ניט
פאַר דער מילל צו טרייבען ;
לאָז עס געהן וויפיעל עס וויל —
די וואַסער, וואָס איז נייטהיג פאַר דער מילל,
וועט נאָך איבערבלייבען".

אַזוי געהט זיך אַ טאָג פֿאַר אַ טאָג,
אין איין פֿריהמאָרגען — אוי, אַ קלאָג!
די מילל האָט זיך אָפּגעשטעלט!
ניט דרעהט זיך מעהר די ראָד,
ניט שאַפּען די שטיינער. עס האָט
דערצו וואַסער אויסגעפעהלט.

דאָ דער מילנער זיין אונגליק זעהט,
גוט צו מאַכען איז שוין צו שפּעט,
דער גאַנצער שטאַף האָט אויסגערונען;
פֿערצווייפֿעלט בעקוקט ער דעם אָרט,
וואו דאָס אונגליק געטראָפֿען דאָרט,
און צום שלים-מזל האָט ער נאָך געפֿונען —

שטעהען דאָרט היהנער אַ זעקס, זיעבען,
און טרינקען פֿון די וואַסער, וואָס איז געבליעבען.
„ממזרים!” שרייט ער, „ווערט איינגעזונקען!
די לעצטע ביסעל וואַסער נאָך אויסגעטרונקען! —
זאָלט נאָך אויף מיינע וואונדען געשאָטען!
נור מיט אייך וועל איך זיך
אָפּרעכענען קורץ און גיך, —
איהר ווערט באַלד אויסגעראָטען!”.

מיט די הייד האָט ער אַ דובינע געכאַפּט,
אַ דובינע — אי לאַנג, אי ברייט, —
און האָט דערמיט זיי די קעפּלאַך צוקלאַפּט,
זיי זיינען אַלע געפֿאַלען טויט!

אין דער צרה איז שולדיג נאָר ער אַליין,
אין כעס איז ער אָבער אויף דער וועלט ;
נון, לאַ די וואָס די מיהל בלייבט שטעהן,
האָבען די היהנער איהם אויך געפעהלט !

# יחוס

מיט אַ לאַנגען בײטש אין האַנד,
האָט אַ פּאַרמער פון צו לאַנד,
געגנז געיאָגט זעהר שטאַרק ;
געוואָלט האָט ער וואָס פריהער קומען,
יום צו קריגען אַ סך מזומן,
פּאַר זײ, אין שטאָדט אויפ'ן מאַרק.

געוועהנליך פיהרט זיך שוין אַזוי די וועלט,
אַלעם ווערט געטהאָן פּאַר געלט,
און וואו ס'האַלט נאַר ביי פּראָפיט,
זיינען אויך מענשען קיין יחסנים ניט,
ניט אַזוי עופות : די געגנז אָבער האָבען אַנדערש גע-
דיינקט,

און ביז דעם בײן האָט זײ געקריינקט,
די חוצפּה וואָס דער פּויער פּערמאָגט.
„סטײיטש", האָבען זײ זיך בעקלאָגט :
„אַזאַ גראָבען יונג האָט איהר ווען געזעהען ?
קיין ברעקעל יושר איז ביי איהם ניט פאַראַן,
אַזוי ווי מיר וואָלטען פּראָסטע געגנז געוועזן,
בעהאַנדעלט אונז דער גראָביאַן :
ניט וויל ער וויסען אָט דער געמיינער כאַם,
דאָס יעדער מוז אונז כבוד געבען,

דאָס פון יענע גענז ציהט זיך אונזער שטאַם,
וואָס האָבען די רוימער געראַטעוועט דאָס לעבען !
און טאַקע נאָך עד היום,
איז לכבוד זיי אין רוים,
ימים-טובים פעסטגעשטעלט, —
דאָס ווייסט די גאַנצע וועלט !".
„און וואָס איז מיט אייך די מעלה ?",
האָט זיי אַ פאַרבייגעהער געשטעלט אַ שאלה.
„סטייטש, אונזערע עלטערען..." — „יעס, דאָס איז בעוואוסט,
נאָר צו וויסען וואָלט איך האָבען לוסט,
וואָס אַזוינס האָט א י ה ר געטהאָן ?" —
„אונזערע באָבעס האָבען גערעטעט רוים !".
„האָט איהר אויך געהאָלפען דאַן דערצו ?" —
„מיר גאָר ניט !". — „דאַן לאָזט די עלטערען צו רוה !
זיי האָט מען געעהרט פאַר זייערע טהאַטען,
אָבער איהר וואָס טויגט ? ניט מעהר ווי אויף בראַטען.

* * *

יענע פוסטע כלים,
וואָס באַדערען דעם עולם,
איבער זייער יחוס אויפ'ן בית הקברות,
וועלען מיר זאָגען פליין,
אַז, במחילה, זיי אַליין,
טויגען אויף גרויסע כפרות !

# מוסר פאַר אַ חיה

אַ געוויסע בעל-הבית'טע,
גאָר ניט קיין פּראָסטע
איז פון קיך אויף אַ ווײַלע אַרויס ;
דער „דיננער" ביי איהר איז שוין געווען געמאַכט,
און האָט דעריבער אַ ביסעל צייט פערבראַכט
ביי דער „נעקסט-דאָריגע" אין הויז.

אַרײַנקומענדיג אין קיך צוריק,
טרעפט זי דעם קאָט שלעפענדיג אַ שטיק
ראָסט, וואָס פאַר „דיננער" איז געווען געמאַכט.
„וואָס טהוסטו ?" — מיט אַ קוויטש
הויבט די ווירטהין אָן אַ ספּיטש :
„איך וואָלט דאָס פון דיר קיין מאָל געטראַכט !
פע ! מעגסט זיך שעהמען !
ווי אַ גנב, אַליין צו נעהמען,
און ניט וואַרטען אויף וואָס עס פון דיננער בלייבט !
(דער קאָט דערווייל שווייגט און די סעודה רייבט)
דו ביזט ביז איצט פערערעכענט געווען,
אַלס אַן אָרענטליכער דזשענטעלמען,
וואָס פערשטעהט פון „דרך-ארץ",
און איצט — דו מיאוס'ער שרץ !

וואָס וועלען די שכנים אויף דיר זאָגען ? —
„אַייער קאָט איז אַ גנב און אַ פרעסער,
און ס'וואָלט געווען פאַר זונז פיעל בעסער,
איהם פון דער שכנה'שאַפט פעריאָגען !
ער איז שעדליך אַזוי ווי אַ פעסט !" —
(אונזער בחור דערוייל אויף וואָס די וועלט שטעהט פרעסט).

און ביז די רעדנערין איהר דרשה געענדיגט האָט,
האָט זיך לאַנגזאַם אונזער קאָט,
גאָר דעם ראָסט אויפגעריבען,
אַז נאָר דער ביין איז געבליעבען.

ס'וואָלט פיעל בעסער דאָ געשאַפט,
אָנשטאָט איהר רעדנער-קראַפט,
אַ געזונטער פעסטער שטעקען,
וואָס זאָל דעם גנב דערשרעקען,
זיין גנבה אַוועקצוואַרפען ;
ווי געבילדעט די בעל-הבית'טע איז געווען,
האָט זי דאָך אויף אַזוי פיעל פערזעהן,
אַז חיות קיין מוסר'ניק בעדאַרפען.

# צוויי פעסער

צוויי פעסער, איינע אַ לעערע,
די צווייטע אַ שווערע,
פול געפּיללט מיט וויין,
האָט געפיהרט אַ בעל-עגלה,
פון דאָרף אין שטאָדט אַריין.

די קולות פון דער פוסטער פאַס
הערט זיך אין דער צעהנטער גאַס,
און פון איהר שפּרינגען,
און פון איהר קלינגען,
איז פשוט פערטויבט צו ווערען ;
וועהרענד מיט וויין די פולע פאַס,
ליגט זיך שטיל, מאַכט קיין רעש,
און לאָזט זיך גאָר ניט הערען.

* * *

ניט קריג איך קיין מאָל קיין התפּעלות,
אַז איך הער יענעמס מעלות,
איינס פאַר דער צווייטער גרעסער ;
דער פולער אימער זיך רוהיג האַלט,
און דער פוסטער מאַכט אַ גוואַלד,
ווי דער פאַל איז מיט די צוויי פעסער.

# דער וואַלד-מענש און דער בער

אַ מאָדנער פּערזאָן איז געווען אַמאָל,
דער העלד וואָס איך וויל אייך דערצעהלען,
צו מענשען נאָכאַנאַנד ער פּרעטענזיעס האָט
קען זיך מיט זיי ניט צוזאַמעןפאַסען.
„זיי וויסען אַלץ, זיי זיינען קלוג,
מיינען אָבער קיין מאָהל עהרליך;
זייער וויסען איז נאָר בעטרוג
זייער שכל איז געפעהרליך.
זיי זוכען נאָר אַ בים צו געבען,
גראַדע ווי די שלאַנגען"
און אין וואַלד מיט די חיות לעבען
איז ער אַוועקגעגאַנגען.

און חבר'שאַפט האָט ער געשלאָסען
מיט אַן אַלטען שוואַרצען בער,
כאָטש אָהן שכל, כאָטש אָהן לשון
אָבער עהרליך, געטריי איז ער.
איהם איבערגעגעבען
מיט לייב און לעבען,
ווי אַ פריינד אַ געטרייער,
פיר זיין בעדאַרפען
וואָלט ער זיך וואַרפען

אין וואַסער און אין פייער.
וואָס זיי האָבען און וואָס זיי קריגען
איז פאַרביידען צו געניססען,
אין איין נאָרע ביידע ליעגען,
טהיילען זיך מיט דעם ביסען.
און אויך אויף דער נאַטור די פרייע
זעהט מען בייזאַמען אַלץ זיי ביידען;
צונויפגעקניפּט דער מענש מיט די חיה,
ניט וועלען זיי זיך קיינמאָהל שיידען.

נון, האָט עס אַ מאָל פּאַסירט,
ביידע פריינד האָבען געשפּאַצירט
אין אַ זומער-טאָג אַ הייסען;
דורך געדיכטע וויסטע וועלדער,
דורך די ברייטע גרינע פעלדער,
און אויף דעם באַרג דעם גרויסען.
און דאָס איז אַ בעוואוסטע זאַך,
אַז אַ מענש איז פיעל צו שוואַך,
צו טרעוולען אַזוי ווי אַ בער;
נו, האָט דער צוויי-פיסיגער העלד,
שטאַרק מיעד זיך אָבגעשטעלט,
ניט געהן ווייטער קען ער מעהר.
„רוה זיך אָפּ" — ראַטה איהם זיין חבר חיה,
„אָט דאָ אויפ'ן גראָז נעבען דעם שטיין,
דו וועסט קריגען כחות נייע,
און דאַן ווייטער וועלען מיר געהן.
זיכער ביזסטו, פערלאָז זיך אויף מיר,

עס זאָל דיר גאָר ניט אַארען ;
ווי לאַנג איך בין נעבען דיר,
ביזסטו זיכער פון געפאַהרען".

עס טהוט אַזוי דער מענש פון וואַלד,
אויף זיין פריינד'ס טרייהייט וויל ער האָפען,
און איז זיך רוהיג טאַקע באַלד
פון מיעדקייט אַיינגעשלאָפען.
און ווי נאָר ער האָט צוגעמאַכט די אויגען,
איז אַ פליעג אויף זיין נאָז אַרויפגעפלויגען.
דער בער, ער טרייבט זי פון נאָז אַראָפּ,
נו, זעצט זי זיך אויף דעם מאַן'ס קאָפּ.
דער וועכטער, נאָך אַ מאָל פון קאָפּ,
מיט כעס טרייבט ער זי אַראָפּ, —
קומט זי אָבער צוריק אויפ'ן נאָז.
דאָ, דורך די געטרייהייט צו זיין חבר, דער בער,
ניט האָבענדיג קיין געדולד מעהר,
דערלאַנגט מיט דעם גאַנצען כח אַ לאָז
זיין לאַפּע, די פליעג צו דערשלאָגען, —
און האָט זי טאַקע טויט געקראָגען,
אָבער דורך זיין גרויס נצחון,
האָט ער זיין חבר'ס מח אויך צובראָכען.

* * *

אונזער העלד איז טויט, מוסר איז צו שפּעט,
דאָך דיזער משל פיר זיך רעדט:
אַז פריינדשאַפט און ליעבע אָהן פערשטאַנד,
איז אַ מאָהל שעדליכער ווי אַ שונא'ס האַנד.

# דער פוקס און די קראָהע

אַ קראָהע האָט וואו ניט איז
געקראָגען אַ שטיקעל טשיז,
איז דערמיט אויף אַ בוים אַרויפגעשטיגען;
דער פוקס האָט דערפון דערוואוסט,
און געקראָגען אַ גרויס לוסט
פון איהר עס אַרויסצוקריגען.
צום בוים געהט דער גנב צו. „זיי בעגריסט",
זאָגט ער צו דער קראָהע, — „דו ביזט
די שעהנסטע פון אַלע פייגעלאַך,
דיין העלזעלע, דיין קעפּעלע פול מיט חן,
דיין מיילעלע, דיין שנאָבעלע — רייצענד שעהן,
געטאָקט איז דיין נעזעלע, בע'כשופ'ט די אייגעלאַך;
ניט צווייפעל איך אויף איין אויגענבליק,
אַז דו ביזט אויך אַ מאַסטער אין מוזיק,
דיין זינגען מוז גאָר זיין אַ פּראַכט;
זינג אַ ביסעל, נשמה'לע — ווייז דיין טאַלאַנט!
איבער דער גאַנצער וועלט מאַך איך עס בעקאַנט,
און פאַר אַ פייגעל-מלכה ווערסטו געמאַכט".
דאָ, די וואָראָנע ווערט בערוישט פון די חניפות,
און האָט טאַקע גלייך מיט גרויס תקיפות

איהר מויל געעפענט אַ סאָנג פאָרצוטראָגען ;
און דורך דעם איז פון איהר פרעס,
אַרויסגעפאַלען די שטיקעל קעז,
און פוקס גנב האָט עס געקראָגען.

# עזלען אַלס דיינים

אַ קלאַגע קומט אויף דעם העכט,
דאָס ער בעהאַנדעלט זעהר שלעכט
אין אָזערא זיינע שכנים;
ער רייסט און שטעכט,
בייסט און ברעכט
פון זיי יעדען איינעם.

דעם אָנגעקלאָגטען בריינגט מען באַלד
צום בית-דין אַריין אין וואַלד,
וואו אַלס עהרליכע דיינים
זיטצען קאַליקעס עזלען אַ פּאָר,
אַ פערד, אַן אָקס, אַ גע'פּסל'טער בכור,
און צוויי בעק „חשוכי בנים".

פאַר דעם בית המשפט אַלס קטיגור צו דיענען,
דעם שולד פון אָנגעקלאָגטען אויסצוגעפינען,
איז דער פוקס אַהער געקומען;
און גערעדט האָט מען ביים טיש:
אַז פון העכט אַ ביסעל פיש
אַלס „לאַפּקע" האָט ער גענומען . . .

און נאָך דעם איז מען חוקר ודורש
דעם העכט'ס עבירות,

און לויט בעוויז, וואָס זיי ברייִנגען,
האָבען די דיינים געפונען פאַר רעכט,
אַז מען זאָל דעם גזלן — העכט,
אויף אַ בוים אויפהייִנגען.

דאָ דער פוקס — פּראָקוראָר,
נעהמט דעם „פלאָאר״ :
„דיינים״, זאָגט ער, „נאָך זיין פערברעכען,
בעדאַרפט איהר דעם מערדער, דעם פרעכען,
פיעל האַרטער מאַכען זיין פסק ;
אַ טויט דורך דער תליה,
איז פאַר איהם אַ זכיה,
ס׳איז אַנגענעהם און געשמאַק.
לאָז זיך אַזאַ רשע,
מאַטערען — נישקשה,
און האָבען אונז צו געדיינקען :
נאָך מיין מיינונג בעדאַרפט איהר, כ׳לעבען,
דעם שווערסטען טויט איהם געבען,
און דאָס איז — דורך דערטרינקען !״.

„יעס ! יעס ! דער פּראָקוראָר האָט רעכט !״,
שרייען די דיינים, „דאָס איז גאַנץ גלייך !״ —
און צו טויטען דעם מערדער-העכט
האָבען זיי איהם דערטרונקען אין טייך.

# דער קעסטעל

אַ קעסטעל האָט מען פון פעקטאָרי געבראַכט,
די אַרבייט קונציג, די מאַטעריאַל אַ פראַכט,
עס איז, פשוט, אַן אַנטיק ;
מיט זיין אויסזעהן דעם שעהנעם,
בעצויבערט עס יעדען איינעם,
ווער עס שיינקט איהם אַ בליק.

נון, קומט אין צימער אַ מעכאַניק אַריין,
דערזעהענדיג דעם קעסטעל. „נעווער מיין",
זאָגט ער, „איך וועל איהם אויפמאַכען ;
איך מוז אויסגעפינען דעם סוד
פיר צו עפענען, וואָס ער האָט, —
איך פערשטעה מיר אויף אַזעלכע זאַכען.

און גלייך נעהמט ער איהם בעטאַפּען,
פון אַלע זייטען, קוועטשען, קלאַפּען,
אום דעם דעקעל אָפען צו קריגען ;
ער ברעכט דעם קאָפּ, קלעהרט און טראַכט,
ווי דער פעטענט איז דאָ געמאַכט,
וואו די געהיימנים זאָל דאָ ליעגען.

די לייט וואָס דערביי שטעהען,
פון געלעכטער זיך פערגעהען,
אַזעלכע טריקס וואָס זאָל דאָ טויגען ?
אין דעם אונזער מעכאַניק אַרבייט שוועד,
דרעהט דעם קעסטעל אַהין און אַהער,

טוהט איהם אויף אַלע זייטען בויגען.
אויף דעם העכסטען גראַד ווערט ער צוהיצט,
זיין גאַנצער קערפּער נאַס געשוויצט,
אַם ענדע אָהן ערפאָלג מיעד בלייבט ער שטעהן ;
זיינע קונצען זיינען אָהן אַ צוועק,
ווייל אין טהאַט האָט זיך דער דעק,
ווי פון אַנדערע קאַסטענס געעפענט פליין.

* * *

עס ווערט אַם מעהרסטען פערדרעהט דער דין,
ווייל מען זוכט פערשיעדענע סודות דרין,
און ניט צופריעדען איז מען מיט דעם פשט,
ווערענד דער מחבר מיינט עס פליין,
אום יעדער לייכט זאָל עס פערשטעהן,
און האָט קיין קונצען אין זינען געהאַט.

# הינטישע חוצפה

„צו אונזער גרויסקייט איז גאָר ניטאָ קיין גרונד",
בעריהממ זיך פאַר דעם פוקס דער הונד.
„געקומען זיינען שוין די טעג,
וואָס יעדער טרעט אונז אָפּ דעם וועג.
אָט הער וואָס היינט האָט פּאַסירט:
אַ לייב האָט מען געפיהרט,
צום בעוויז, דורך די סטריט.
דו הערסט? אַ לייב! ווער ציטערט פיר איהם ניט?
דער וואָלף, דער עזעל, אויך דער בער,
דער עלעפאַנט, און ווייסטו נאָך ווער?
אַפילו דער ווילדער טיגער אין שטייג,
איך, אָבער האָב איהם גלייך געלאָזט מיין גבורה
פיהלען,
מיט שטורעם זיך געוואָרפען אויף איהם בילען
און ער, פון שרעק, ווי ניט איהם מיינט מען דאָס
האָט ניט געענטפערט, נאָר אָבגעווישט דעם נאָז;
פערביסען די ליפען און געמאַכט אַ שווייג.
נון וואָלט אַנאַנדער חיה אַזאַ בריה'שקייט געטהאָן?
געוויס ניט! האָך לעבע די הינטישע נאַציאָן!"

„ניין ברודער, ס'איז פאַלש דיין טענה".
שלאָגט דעם הונד דער פוקס דאָן איבער.

„ניט קיין גבורה, נאָר די חוצפה דיינע
האָט דיך געמאַכט ביללען אויף דעם גבור
דעם לייב, איבריגענס, וואָס קימערט איהם דיין בילל ?
גלויבסטו ניט, דו נאַרישע טהיער,
אַז דער העלד מיט איין ריהר
קען דיך מאַכען אויף אויביג שטילל,
דאָס דו זאָלסט דיך פון אָרט ניט מעהר ריהרען ?
דיין גליק איז, וואָס דו בעלאַנגסט צו די הינטישע
באַנדע,
און פאַר דעם לייב וואָלט געווען די ערגסטע שאַנדע.
מיט דיר אַ מחלוקה צו פערפיהרען.
וואָרום אין דער אמת'ן איז ער דאָך אַ קיסר,
מיט פיעל גבורה און יחוס ברייטע
און וואָס ביסטו ? נאָר אַ חצוף אַ גרויסער.
און נאָך אַ גרעסערער שוטה.

# גליק

אַ קליינע הייזקע איז אין עק שטאָדט געשטאַנען,
דריי ברידער האָבען דאָרט געלעבט צוזאַמען,
אין אָרימקייט, דחקות, צרות און נויטה;
וועלכע זיי בעטרייבען ניט מלאכה,
זעהען זיי דרין קיין מזל ברכה,
כאָטש אויף אַ שטיקעל טרוקענע ברויט.

געוואַלד פאַר וואָס וויל ניט דער גליק
וואַרפען אויף אונז איין איינציגען בליק?
פלעגען זיי זיך שטענדיג בעקלאָגען,
אָם ענדע זייער תפלה ווערט אָנגענומען
פאַר'ן כסא הכבוד איז עס געקומען,
מען האָט אויף זיי רחמנות געקראָגען.

עס קומט צו זיי דער גליק צו גאַסט
און אַ בעשלום האָט ער געפאַסט
דעם גאַנצען זומער מיט זיי צו בלייבען;
און קרוינען מיט סוקסעס,
און בעגליקען מיט פראַגרעס
אַלץ וואָס זיי וועלען טרייבען.

גון נעהמט ביי זיי געהן ווי פון פוטער.
דער ערסטער א סוחר כאָטש ניט קיין גוטער
הויבט אָן ביזנעס פיעל צו טהאָן,
דער זומער איז נאָך ניט אַוועק
האָט שוין געלט גאַנצע זעק
איז שוין ווערטה א מילליאָן.

דער צווייטער עפּעס א שרייבערייל געוועזן.
ווער האָט איהם ביז איצט אָנגעזעהן ?
יעצט איז ער א גאַנצער מאַכער געוואָרען,
אין די העכסטע ערטער
גילט זיינע ווערטער
ווי פון א מיניסטער שוין פון יאָהרען.
ער אייגענט דאָטשעס גאַנצע הויפען
און רעכענט שוין פאַר גאָווערנאָר צו לויפען.

יעצט וועלען מיר דעם דריטען זעהן,
אויך מיט איהם איז דער גליק געוועזן,
ווי מיט זיינע אַנדערע ברידער צוויי;
דעם גאַנצען זומער האָט ער געכאַפּט פליגען
און סוקסעספול פלעגט ער קריגען
גאַנצע הויפענס פול פון זיי.

גיט ער נאָר מיט דער האַנד א מאַך
און האָט זיי שוין געפּאַקט א סך,
ווי פיעל ער האָט געוואָלט נאָך מעהר.

און בעפאָר, ניט האָבענדיג גליק,
פיר צו כאַפּען איין איינציג פליג
איז איהם אָנגעקומען שווער.

* * *

דער משל איז פאַר יענע לייט,
וואָס פערברייענגען זייער צייט
אויף זאַכען וואָס איז ניכטס דרינגען
און נאָך ביי זיך צו בלייבען גערעכט,
קלאָגען זיי: „עס איז זעהר שלעכט
אַז מען קען קיין גליק געפינען“

# הינטישע פריינדשאַפט

עס האָבען אַ מאָל כלבים צוויי,
איינינע יאָהרען נאָך דער ריי
ביי איין בעל הבית גערדיענט;
און נאָך אַנאַנד די גאַנצע צייט
צווישען זיך אַרום געפּייט,
ווי דער שטייגער איז ביי הינט.

אַ מאָל אונזערע העלדען ליעגען זיך
אונטערען פענסטער דאָרט ביין קיך
און אויף'ן זון זיך געוואַרעמט.
(ווי ס'האָט אויסגעזעהען
אין אַ גוטע לוינע געוועזן,)
זיך געקוסט און געאַרמט.

„הער צו ליבער פריינד
ריידען וויל איך מיט דיר היינט"
פאַלקאָן צו מאָפסען זיך ווענדט.
„פאַר וואָס האָבען מיר פון אויביג אָן
אין פריינדשאַפט, ליעבע און אין פאָן
ווי היינט לעבען ניט געקענט?

עס קען קיין גרעסערער גליק ניט געבען,
ווען צוויי חברים בייזאַמען לעבען
אין פריינדשאַפט און אין פריעדען;
זייער שמחה מאַכט עס גרעסער
און די לאַגע פיעל מאָל בעסער,
און גרינגער ווערט די ליידען.

ווי ליכטיג קוקט די וועלט ביי זיי,
איינע נאָך די אַנדערע נאָך דער ריי
גליקליכע טעג פליסען;
און לייכט איז פאַר זיי ביידען
אויף דיזער וועלט דעם גן עדן
פאָלקאָם צו געניסען.

איך וויל דו זאָלסט בעסער פערשטעהן,
ניט דאַרפען מיר ווייטער געהן,
מיר נעהמען זיך אַליין אַלס פרימער;
נאָך אַנאַנד מיר רייסען זיך.
יעדען טאָג מיר בייסען זיך
און גיעבען צום מאָהל ניט אַ קלעהר:

וואָס אונזער מחלוקה זאָל בעדייטען?
וואָס האָבען מיר איינער צום צווייטען?
וואָס פערפינצטערען מיר זיך די מערכה?
ווערענד מיר האָבען די מעגליכקייט
אין פערגניגען ספּענדען אונזער צייט,
צו לעבען אין מזל און אין ברכה.

נו וואָס געוועזן איז געוועזן,
ביידע האָבען מיר פערזעהן
בעשערט איז אַזוי געוועזן מסתמא ;
נאָר טאַקע פון היינט,
לאָמיר ווערען פריינד,
פריינד פון דער נשמה.

פון היינט אָן ביסטו ווי מיין לעבען טהייער ;
פאַרטיג אין וואַסער און אין פייער
פון דיינעט וועגען זיך צו וואַרפען ;
זאָג, טהייערער ברודער פאַלקאָן,
וועסטו אויך די זעלבע טאָן
ווען איך זאָל דיין הילף בעדאַרפען ?"

„יעס, איך וועל, ברודער מאָפּס, כ'שווער
דיר קיין מאָהל ניט אַביוזען מעהר,
היר איז מיין לאַפּע און דו גיב מיר דיין !
צום סימן אַז מיר האָבען אַ שבועה געגעבען,
אַזוי לאַנג ווי מיר וועלען לעבען
די בעסטע פריינד צו זיין.

די נייע פריינד די לאַפּעס זיי שטעקען,
זיי נעהמען זיך קושען האַלדזען און לעקען,
איינער שרייט „מיין לעבען" דער צווייטער „מיין קרוין"
פּלוצלונג פון קוכנע עפענט זיך די טהיר
און דער קוכער האָט דורך איהר
אַרויסגעוואָרפען אויף'ן יאַרד אַ ביין.

און דאָ האָבען די געליעבטע פּאָר
גאַנץ פערגעסען אָן די שבועה גאָר,
מיט רגזה זיי וואַרפען זיך אין שלאַכט;
יעדער טרייט דעם צווייטען בעזיעגען,
ווי נאָר מעגליך דעם ביין קריגען
און האָבען פּאַר קריפּעלם זיך געמאַכט.

* * *

ביי מענשען פריינד וואָלט געווען אַ סך,
דער צאָהל פון שונאים זעהר קליין
די טראָבעל איז נור, די איינציגע זאַך,
וואָס יעדער וויל כאַפּען דעם ביין.

# דער פראָש און דער אָקס

אַ פראָש אויף דער לאָנקע האָט אַן אָקס דערזעהן.
אַ גרויסער בעל קנאה איז אונזער העלד געווען
און וויל זיך מיט דעם אָקס אין גרויסקייט גלייכען;
מיט גאָר זיין כח בלאָזט ער זיך אויף
גרוים צו מאַכען זיין קליינעם גוף,
אַז פאַר מיילען הערט זיך זיין פרייכען.

„נו וואָס דיינקסטו פריינד? דעם שכן ביי זיין זייט
ער פרעגט. בין איך שוין ווי דער אָקס? „ניין, נאָך
ווייט".
„אַפילו קיין צעהנטעל טהייל, נאָך ניט" ענטפערט דער
שכן,
„כמעט קיין סימן גאָר ניט צו זעהן.
„און איצט"? „גראָד ווי געווען".
ס'בלאָזט זיך ווידער דער פראָש
און אַן אונגליק האָט געשעהן.

זיין פעל האָט געפּלאַצט, און די געדערים אַרויסגע־
קראָכען.

*   *   *

אַזעלכע העלדען זיינען פּלענטי פול,
זייער פערמעגען דערגרייכט צו אַ נול,
דאָך ווילט זיך זיי דעם גביר נאָכטאַנצען;
מען בענוצט דערצו אַ בלאָף נאָך אַ בלאָף,
ביז עס קומט דער ביטערער סוף
און זיי פּלאַצען אַוועק אין גאַנצען.

# ערציהונג

דעם לייב, דעם הערשער פון וואלד
האָט גאָט אַ זוהן געגעבען;
און אַז דער נאַסלעדניק ווערט גענוג אַלט,
צו פערשטעהן דאָס לעבען;
נעהמט דער פאָטער קלעהרען
צו וועמען זיין בן יחיד צו שיקען אין שוהל,
ער זאָל אַ פאַסענדער ווערען
קרוין־פּרינץ פיר די מלוכה שטוהל.

זאָל דער פוקס זיין לעהרער זיין
שכל אַפילו האָט ער גענוג,
זיין קאָנדוקט איז אָבער ניט פיין
בעטרייבט שקר און לעבט פון בעטרוג
דער עזעל אָדער דער אָקס? יעס,
זיי זיינען טאַקע עהרליך, אָבער דום,
וואָס קען ער מאַכען פאַר אַ פּראָגרעסס?
ניטאָ קיין שכל — איז דער ערגסטער מום.
דער הונט, ווידער, חוצפה האָט ער טאַקע אַ סך,
און דאָס איז טאַקע אַ נויטהיגע זאַך
פאַר, אויף חיות צו רעגירען;
איז ער אָבער אין גרונד זעהר געמיין,

מען קויפט איהם לייכט אָפּ מיט אַ ביין,
טאָ ווי קען אַזיינער אַ מלוכה פיהרען?
און אפילו דער פעטער עלעפאַנט,
וואָס האָט אַ שם איבער דאָס לאַנד,
דורך זיין גבורה און רוהיגקייט;
איז במחילה אַ גרויסער בור אליין,
הויבט פּאָליטיק ניט אָן צו פערשטעהען
ניט ווערען קען ביי איהם מיין זוהן געשייט.

דער מלך איז פערזאָרגט, קלעהר, אהין, קלעהר אהער,
ער, זעהט ניט, אין זיין גאַנצע מדינה, ווער
זאָל זיין בן יחיד ערציהען;
פּלוצלונג — (איז דאָס מיט גליק געווען
אָבער ניט, מיר וועלען עס שפּעטער זעהן)
איז דער אָדלער געקומען צו פליהען.

„קאָלעגא" ווענדט ער זיך צום קיסר
„קאָלעגא", איך האָב געהערט פון דיין פערלעגענהייט,
און פון מיר, דיין פריינד, איז אַ יושר
דיר אויסצוהעלפען אין דיין נויטה,
און טאַקע נאָר וועגען דיזען צוועק,
בין איך געקומען אהער צו פליהען;
גיב מיר דיין קינד אויף אַ צייט אַוועק
און ריכטיג וועל איך איהם ערציהען.

דער בעזאָרגטער לייב ווערט זעהר פרעהלאך,
הערענדיג דעם פּאָרשלאַג פון פויגעל־מלך,

דאָס איז ריכטיג נאָך זיין פערלאַנג;
אַ הערשער וועט זיין זוהן אונטעררריכטען
אין דיפּלאָמאַטיע און אַנדערע פליכטען,
וואָס זיינען נויטהיג צו זיין ראַנג.

געענדיגט האָט זיך דאָס סטודיום פאַר'ן טאַטען אַ
נחמה.
דער זוהן קומט אַהיים מיט אַ שיינע דיפּלאָמע.
דער לייב מאַכט אַ שמחה און לאַדט אַלעמען איין,
לכבוד דעם פּרינץ וואָס האָט געענדיגט סטודירען,
ביין מלך פון די פויגלען, ווי אַ מלוכה צו פיהרען
און ווי אַ הערשער איבער חיות צו זיין.

„מיין ליבער זוהן" דער אַלטער הויבט אָן,
„איך בין אַלט — און ענדיג שוין מיין לעבען;
„דו ביסט דער געזעצליכער יורש פון טהראָן,
וועלכען מיט פערגניגען וועל איך איבערגעבען;
דאָ זיינען די געטרייע אונטערטהאַנען פון לאַנד,
וואָס זיינען געקומען זייער נייען מלך בעגריסען;
ווייז אונז אין רעגירען דיין פערשטאַנד
און אין מלוכה ענינים דיין וויסען.

„פאַטער, ליבער פאַטער", ענטפערט דער זוהן דרייסט.
„איך וויים פיעל מעהר, ווי איינער פון די חיות ווייסט
און דאָ אויסרעכענען וועל איך באַלד,
אַלע מינים פויגלען פון וואַלד,
פון גרויסען אָדלער ביז דעם קלענסטען מוראַוויי;

און אַלע זאַכען וואָס פאַר פויגלען טויגען,
און ווען און ווי אָפט זיי אייער לייגען,
און ווי לאַנג עס נעהמט זיי דאָס בריהען,
און ווי די קליינע ריכטיג צו ערציהען;
דאָס וויים איך אַלץ, ווי מיינע פינגער צוויי
אָט איז פון מיין לעהרער דער אַטעסטאַט,
זיי זאָגען עדות — אַז איך האָב געהאַט
אין מיינע סטודיעם דעם עוורעדזש דעם גרעסטען.
אויב דו ווילסט קען איך בעווייזען אַ נייעס,
פאַר אַלע, די וואָס דאַ שטעהען חיות,
איך וועל זיי לעהרנען ווי צו מאַכען נעסטען".

אַ טרעהר איז אַרויס פון אַלטענס אויגען.
די חיות די קעפּ האָבען אַראָפּגעבויגען
צו שפּעט האָבען זיי זיך אַרומגעזעהען,
אַז אומזיסט איז די גאַנצע מיה געווען,
דעם פּרינץ׳ם וויסען האָט קיין צוועק;
זיינע ידיעות אין הויך פליהען,
זיין פּראַקטיק אין קינדער בריהען,
און גאָר זיינע לעהרע און פויגעל׳שע העויות,

איז פאַר זיי, די פאָלק פון חיות
ניט ווערט אַפילו טאַבאַק אַ שמעק.

*   *   *

אַ רעכט אויף דעם אַלטען. ער האָט׳ס כשר פערדיענט:
אַז פאַר אַ מלוכה פון חיות צו פיהרען;
שיקט ער גאָר אַוועק זיין קינד
אין אַ פויגעל׳שען קאָללעדזש סטודירען.

# די מוראַשקע און די פליעג

אַ שטיפערקע אַ פליעגעלע
האָט איהר געוועהנליכע ניגעלע
דורך דעם זומער אַלץ געזונגען;
אונטערדעסען די צייט זיך אַלס רוקט,
זי האָט זיך גאָר ניט אַרומגעקוקט
דער ווינטער איז אָנגעשפרונגען.

די גרינע פעלד איז געשטאָרבען
די שעהנע בלומען פערדאָרבען
ניטאָ יענע ליכטיגע טעג, אין וועלכע אָהן מיה,
זי געפינט איהר בעטעלע
אונטער יעדע בלעטעלע
און אונטער אַ גרעזעלע קעסט און לאָדזשי.

מיט דעם ווינטער דעם קאַלטען
האָט זיך אַלץ בעהאַלטען
און געקומען זיינען צרות און קלאָגען;
אַלע הולאַנקעס זיינען אַראָפּ,
ווען קען זינגען קריכען אין קאָפּ
ווען ליידיג איז דער מאָגען

די פליגעלע קלאַפּט ביי די מוראַשקע אין טהיר
„האָב רחמנות" זאָגט זי איבער מיר
„איך בין הונגעריג, ס'איז מיר קאַלט,
מיט אַ ביסעל עסען העלף מיר אוים !
און אין דיין וואַרימע הויז
איבער ווינטער מיך בעהאַלט !"

„פריינדין" ענטפערט איהר דער מוראַווי
„איך האָב קיין ידיעה אין שנאָרעריי,
דאָך קען איך מיר ניט פאָרשטעלען ;
איז דיר דאָס אַזוי שלעכט געגאַנגען,
דאָס נאָך'ן זומער דעם לאַנגען
זאָל דיר שוין חיונה פעהלען"?

„ניט געהאַט אויף דעם קיין געלעגענהייט,
אויף זינגען האָב איך די זומער צייט
געמוזט פערברענגען אין גאַנצען !"
„אַזוי שוועסטער ? האָב קיין פאַראיבעל, ביסט אַ נאַר
דו האָסט אַ גאַנצען זומער געזונגען, מעגסט דערפאַר,
זיי מוחל איצט געהן טאַנצען".

* * *

מיר געפינען פיר איבריג דאָ וואָס צו עקספּלייגען
יעדער פערשטעהט, וואָס מיר דערמיט מיינען.

# די שעפּסען און די הינט

אום אַ סטאַדע שעפּסען פון וועלף בעשיצען
האָט מען אַוועקגעשטעלט כלבים אַ סך,
אַלס וועכטער, אין אַ געפאַהר זיי ניטצען
טאָג און נאַכט צו שטעהען אויף׳ן וואַך.

נאָר וואָס פיר אַ טובה איז די שעפּסען אַרויסגעקומען ?
אַזוי פיעל הינט-פרעסערס צו מאַכען זאַט.
האָט מען פון די אָרעמינקע זייער וואָל גענומען
און אַז גענוג דערמיט האָבען זיי נאָך ניט געהאַט,
האָט מען פון די שעפּסעלאַך אויך די פעללען געריסען,
אַז לעבען פון זיי זיינען גאַנץ ווייניג געבליעבען.
נור למאַי נפקה מינא ? — לאָז די וועלט וויסען
אַז די טאַפּפערע הינט האָבען די וועלף פערטריעבען.

# דער אונדאַנקבאַרער וואָלף

אַז ביי די וועלף איז דער אַפּעטיט גרויס,
דאָס ווייס אַ יעדער איינער,
דיעזע חיות ווען זיי עסען פלייש,
שלינגען זיי עס מיט די ביינער.
און פון אַזאַ מין פרעסעריי
איז שיעור איינער געווען פאַרביי.

עס האָט זיך אַ וואָלף די אכילה פערוועלט,
און שלינגענדיג ווי אַ פרעסער,
איין שטיק פאַר דער אַנדערער גרעסער,
האָט זיך איהם אַ ביין אין האַלדז געשטעלט.

אַ ביין אין האַלדז איז קיין געשמאַקער ביסען,
הלוואי זאָל קיינער דערפון ניט וויסען,
ס'ווערגט איהם און עס שטיקט איהם,
עס שטעכט איהם, עס דריקט איהם,
ניט שלינגען, ניט שפייען, ניט אַריין, ניט אַרויס ;
ער קריגט קיין לופט, עס פלאַצט דער לונג,
פערגלאָצט די אויגען, ס'שטעקט אַרויס דער צונג.
עס מאַטערט איהם שוין די גסיסה,
נאָך אַ ווייל, און עס קומט די מיתה,
אַ מיתה משונה — און ר' וועלוועל איז אויס !

יעצט הערט וואָס ס'איז געווען :
אַ שטאָרך פון אויבען האָט דערזעהן
דעם וואָלף אין זיין שלעכטער לאַגע,
איז, ניט שטעלענדיג קיין פראַגע,
געקומען גלייך צו פליהען ;
מיט גרויס מיה און פיעל טראָבעל,
אַרבייט ער מיט זיין לאַנגען שנאָבעל,
עטליכע שטונדען נאָכאַנאַנד,
און איז אַם ענדע געווען אין שטאַנד
דעם ביין אַרויסצוציהען.

ס'איז געלונגען די אָפּעראַציאָן.
דער שטאָרך, אין אַן איידעלען טאָן,
אויסדריקענדיג זיין טיעפע סימפּאַטיע,
פערלאַנגט פון וואָלף שכר פאַר זיין מיה.
„וואָס ? !" — האָט ווילד גענומען קוקען
דער פאַר-אַ-וויילינגער מסוכן,
„לומפּ איינער ! פערלאַנגסט נאָך שכר ? !
איז ניט גענוג פאַר דיר, דו גראָבער נאַר,
געקראָגען האָסטו דיין קאָפּ פון מויל ביי מיר צוריק,
ווערענד איך האָב דיך פאַרטיג מאַכען געקענט מיט
איין דריק.

צו גוט בין איך געווען צו דיר,
און דו נאָך מתנות פערלאַנגסט פון מיר ? !
נון, מוף פון דאַנען, שוטה דו פערשייטער !
און היט די ביינער דיינע אָפּ אויף ווייטער !

# דער עושר און דער שוסטער

איזהו עשיר השמח בחלקו.

אין דער שעהנער הויז, אין מיטען מאַרק,
וואָהנט דער מלוה ר׳ שמואל ברך,
אין די בעסטע יאָהרען, געזונד און שטאַרק,
און פערמאָגט, זאָגט מען, ממון קרח.

פון פייגעל-מילך איז ביי איהם פאַראַן,
די גאַנצע שטאָדט טהוט איהם בעניידען,
געזונד און שטאַרק איז דער מאַן,
און לעבט פשוט ווי אין גן-עדן.

נאָר אַזוי ווי גליקלאַך אויף דיעזער וועלט,
האָט נאָך פאָלקאָם ניט געטראָפען;
אונזער עושר אויך וואָס פעהלט,
ניט גוט פלעגט קענען שלאָפען.

צי ביזנעס איהם נערוועס האָט געמאַכט,
אָדער זיינע חטאים האַלט ער אין זינען,
אַזוי אָדער אַזוי — די גאַנצע נאַכט
קיין ביסעל רוהע קען ער געפינען.

און אַפּילו אַז אַמאָל שוין בעגינען,
פּלעגט ר׳ שמואל אַנדרימעלט ווערען,
מוז זיך אַן אַנדער צרה געפינען,
דיעזען דרעמעל איהם צושטערען.

זיין נעקסטער שכן, דער שוסטער בערל,
זעהר אַ פרעהליכער געווען איז קערל,
און פון פריה בעגינען, גלייך ווי ער
זעצט זיך אויף זיין שוסטער-טשער,
ציהט די דראַטווע מיט דער האַנד,
זינגט און הוליעט נאָכאַנאַנד,
און מיט זיין זינגען, שטיפען, לאַכען,
לאָזט ער זיין שכן פון נעקסטער טהיר,
ר׳ שמואל ברך׳ן דעם גביר,
קיין אויג ניט צומאַכען.

און הויבט דער מלוה אָן צו קלעהרען,
ווי דעם שוסטערס הוליאַנקע צו צושטערען,
און האָבען כאָטש אַ ביסעל רוה ;
איז דאָס ניט צו בעהויפּטען, היתכן ?
ער לאָזט אַריינרופען זיין שכן,
און זאָגט צו איהם : „הער דיך צו !

אַזוי ווי שוין פון אַ צייט לאַנג,
יעדען טאָג הער איך דיין געזאַנג,
און פערשטעה דערפון, דאָס ריין איז דיין געוויסען ;
דיינק איך, אַז דו ביזט דער פערזאָן,

פיר ווען איך זאָל גוטעם טהאָן,
און געבען פון מיין געלד געניסען ;
און דו זאָלסט מיר האָבען צו געדיינקען —
גאַנצע טויזענד קערבלאַך וויל איך דיר שיינקען !
ביזט צופריעדען ? נעהם עס גלייך !
זשאַלעווע נישט, — איך בין גאַנץ רייך".

עס קוקט איהם בערל פערוואונדערט אָן :
„ר' שמואל-ברך, צו וואָס זאָלט איהר עס טאָהן ?
איך לעב גליקלאַך, איך פערדיען מיין ברויט,
האָב ארבייט גענוג און פיהל קיין נויטה,
איך און מיין ווייב מיט אונזערע פיער הענט,
בעדאַרפען קיין מתנות, — און נאָך מיין מיין,
מיט אייער געלד איהר העלפען קענט
יענע, וואָס ניט קענען זיך העלפען אַליין".

„ריכטיג רעדסטו אפילו, מיין בכבוד'ער שכן,
אָבער דער גליק איז ניט מיט אונז שטענדיג,
אַמאָל פלוצלונג ווערט מען געבראָכען,
און עטליכע דאָלאַרס קומען גאַנץ הענדיג.
איך וואָלט דיר דעריבער, מיין פריינד, ראַטהען :
מיין אָפּפער זאָלסטו האָבען גענומען,
אַ ביסעל געלד קען קיינמאָל ניט שאַטען, —
נעהם עס, און לאָז דיר וואויל בעקומען !
געוועהנליך, בעדאַרפסטו זיי ניט פאַרשמאָרען,
נאָר האַלטען געגרייט — אויף שוואַרצע יאָהרען".

און אונזער בערל דער שוסטער
צו די ממתקים געקראָגען האָט לוסט ער,
כאַפּט דעם זעקעל און אַהיים ער פליהט,
טיעף אונטערן פלאָאר בעהאַלט ער איהם גוט,
און גלייך טאַקע פון דער זעלבער מינוט
איז ער שוין מעהר פרעהליך ניט ;
ניט אַזוי האָט זיינע זינגאַכץ אויפגעהערט,
נור ער אַליין מרה-שחורה ווערט,
ניט קיין רוה אַ גאַנצען טאָג,
און ביי נאַכט, אוי, אַ קלאָג,
קען ניט אָנהויבען צו שלאָפען.
הערט ער ווען אַ סקראַפּסקע אין הויז,
האָט עס געטהאָן די קאַץ אָדער אַ מויז,
מיינט ער גלייך, אַז גנבים גאַר
זוכען די מזומן אונטער דעם פלאָאר,
און דעם זעקעל האָט וואָס געטראָפען.

עטליכע טעג זיינען אַוועק,
אויף בערלען צו קוקען איז אַ שרעק :
האָט אין זיך קיין טראָפּען בלוט,
און קיין רוה אויף איין מינוט.
ער איז אין גאַנצען צוזאַמענגעבראָכען ;
און בעשליעסט גלייך אין איין מינוט,
אַז אַליץ וויעדער קען ווערען גוט.
ער קריגט דעם אוצר פון אונטערען פלאָאר,
טראָגט עס אַריבער נעקסט-דאָאר,
צו זיין גוטען, רייכען שכן.

„איך דאַנק אייך — זאָגט ער — פאַר אייער טריק,
אָט האָט איהר אייערע טויזענד קערבלאַך צוריק,
ניט קענט איהר, ר׳ שמואל, מיך מעהר בלאָפען,
אויף וואָס פאַר אַ קלאָג בעדאַרף איך אייער געלד ?
און גיט איהר מיר די גאָלד פון דער גאַנצער וועלט,
קענט איהר ניט האָבען מיין זינגען און שלאָפען !".

# דער קמצן

אַ געוויסען טייוועל פון שדים-לאַנד,
האָט מען צו דער האַנד
אַן אוצר צו היטען געגעבען;
זיינע פפליכטען דער שד מהוט,
ער היט דעם שאַטץ און היט עס גוט,
ער היט עס ווי זיין לעבען.

פלוצלונג פון אַשמדאַי קומט אַ בעפעהל,
אַז דער שומר זאָל ווי מעגליך שנעל,
וועגען אַ נויטהווענדיגען צוועק,
פאַר אַ לאַנגע, לאַנגע צייט,
און פאַר מיליאָנען מיילען ווייט,
פון דיעזען געגענד אַוועק.

ווילענדיג, ניט ווילענדיג דער שד
מוז פערלאָזען דיזען פלאַץ,
די גאַנצע פראַגע איז נאָר ווער וועט
איצט היטען דאָ דעם שאַטץ?
זאָל ער דאָס אַנאַדערען פערטרויען,
אָדער אַ שטאַרקען סייף בויען,
וועט דאָך גלייך הוצאות זיין;

לאָזען עס ווידער גאָר אַזוי
איז דאָך ניט זיכער עני־וויי
ס'קען אין גאַנצען פערלאָרען געהן.

דער שד קלעהרט און פאַלט אויף אַ פּלאַן,
ביי איהם אין שכנות וואָהנט אַ קאָרגער מאַן,
וואָס טהייערער ווי זיין לעבען
איז ביי איהם אַ סענט;
און איהם וועט ער אָוועקגעבען
דעם אוצר אין די הענט.

ער פּאַקט עס אין איין קאַסטען איין
און טראָגט צום שכן אין הויז אַריין.
„הער צו, וואָס איך וויל מיט דיר ריידען:
אַ בעפעהל האָב איך געקראָגען
פון דאַנעט זיך אָבצוטראָגען
און בעפאָר מיר וועלען זיך שיידען,
אום דו זאָלסט מיר האָבען צו געדענקען
וויל איך דיר דיעזען קאַסטען שענקען,
עס ליעגען אין איהם מילליאָנען;
און א לעבען ברייט און רייך,
מיט פּרינצען און מלכים גלייך
וועסטו פיהרען קאָנען.
זשאַלעווע ניט פאַר זיך קיין געלד,
געניס וויפיעל מעגליך פון דער וועלט,
די טהייערסטע, בעסטע זאַכען;
וויפיעל דיין האַרץ גלוסט — ספּענד,

קומט אָבער דער טאָג פון דיין ענד,
מוזסטו מיר פאַר דיין יורש מאַכען".

דאַרויף צופריעדען איז דער קאַרגער געוואָרען,
דער שד איז אַוועק. אַ פּאָר צענדליג יאָהרען
זיינען פאַרביי פון דיעזער צייט,
אונטערדעסען ענדיגט זיך דעם שד'ס מיסיאָן,
ער האָט זיינע אַרבייט אָפּגעטהאָן,
און מען האָט איהם פון סלוזשבע בעפרייט.

צוריק אין זיין היים קומט ער צו שוועבען,
אויף זיין אוצר אַכטונג געבען,
און וואָס זעהט ער? דער שומר איז געפאַלען אַ קרבן,
דער אוצר איז גאַנץ, עס פעהלט ניט איין סענט,
און אויף איהם מיט דעם שליסעל אין די הענד
איז דער קמצן פון הונגער געשטאָרבען.

דער טייוועל צופריעדען האָט דעם קאַסטען צוגענומען,
זיין פּלאַן איז געווען ניט קיין שלעכטער;
גאַנץ, ניט געריהרט, בלייבט די מזומן,
און געהאַט נאָך אַן אומזיסטען וועכטער.

* * *

ווער זיין פּראַצע פיר זיך ניט פערגינט,
אַלס אומזיסטער שומר ביים טייוועל דיענט.

# גונב מן הגנב

אויף אַ פאַרם, פון וואַלד ניט ווייט,
האָט דורך גנבה און חיטרעקייט,
אַ וואָלף אַ שעפּסעלע געקראָגען ;
מיט זיינע צייהנער אויגענבליק,
גיט דער גנב איהר אַ דריק,
און אין וואַלד אַוועקגעטראָגען.

עס שלינגט פון איהר דער ווילדער פרעסער,
איין שטיק פאַר דער אַנדערער גרעסער,
און אַז ער פרעסט זיך שוין אָן זאַט,
אונטער אַ בוים אַן אַלטען,
האָט ער פאָרזיכטיג בעהאַלטען,
וואָס ער איבריג האָט געהאַט.

נאָך דער סעודה ער אַ מיעדער,
אָפרוהען לייגט ער זיך אַנידער,
ווערט אַנטשלאָפען און הערט גאָר ניט,
ווי אַ מייזעל איז פון נאָרע געקומען,
און האָט אַ שטיקעל פלייש גענומען,
פון זיינע שיריים מיט זיך מיט.

און אַז ר׳ וועלוועל האָט זיך אויפגעכאַפּט,
זיין פקדון אַרומגעטאַפּט,
און אוי וועה ! אַ שטיקעל פלייש האָט איהם געפעהלט,
דער גאַנצער וואַלד ווערט גלייך פול,
„כאַפּט די גנבים ! — שרייט ער — קאַראַהול !
זיי האָבען מיר בדלות געשטעלט !״.

* * *

גנבים, אונטערצינדער, וואָס די ערגסטע זאַכען
האָבען אויף זייער לעבען אָפּגעטהאָן,
דעם גרעסטען געוואַלד מאַכען,
ווען מען ריהרט זייערע עטוואָס אָן.

# די פאַווע מיט דער קראָהע

אַ קראָהע האָט אַ מאָל, איך ווייס ניט ווי אַזוי,
עטליכע פאַווע־פעדערס געקראָגען,
און בעקלעהרט האָט זי דורך זיי
צו גרויסע יחוס זיך דערשלאָגען.
זי קלעפּט עס צו צו איהר עק,
צו די פאַוועס געהט זי אַוועק,
פריינדשאַפט ביי זיי צו שנאָרען;
און לאָזען וויסען אַלע קראָהעס,
אַז מיט איהר איז קיין המצאות,
אַ גאַנצע שמעלקע איז זי געוואָרען.
„קומט איהר דען ניט אַ מורנו,
אַז מיט די פאַוועס אַ נאָהענטע שכנה,
צו זיין, אַ זכות האָט זי געקראָגען?
אַ ביסעל צייט וועט פערגעהן,
און גראַד ווי אַ פאַווע ווערט זי שעהן!" —
האָט זי זיך מיט אַ געדאַנק אַרומגעטראָגען.

פאַלש איז אָבער איהר געדאַנק געוועזן.
די פאַוועס, ווי זיי האָבען נאָר דערזעהען,
דער כלאַיים'דיגע וואָראָנע;
נעהמען זיי איהר פּיקען,

די קראַהע־פעדערען פליקען,
און פוטצען, און רייבען,
אַז עס איז פאַר איהר אַ סכנה,
מיט זיי לייגער צו בלייבען.

זי געהט דאַן צוריק צו איהר אַלטער היים,
דאָ די קראָהעס דערקענען איהר קוים,
הפלא ופלא ! וואָס איז דאָס פאַר אַ עק ? !
און פון זיי יעדער,
רייסט אויס אַ פעדער,
אַז וואו די אויגען טראָגען מוז זי אַוועק.

*  *  *

אַז יענטע און יאַכנע זיך בעקלעהרען
אָפּ־טו־דייט מיט איין מאָהל ווערען,
אין קאָלומבוס'עס מדינה ;
זיי, אָפּ־טאַון צו די גוים מופען,
„לײדיעס" הייסען זיי זיך רופען,
און בלאָזען זיך געגען די גרינע.

אָבער פון אָפּ־טאַון די פּאַוועס,
געפינען אין זיי קיין התלהבות,
נים׳ העלפּט עס קיין רמאות,
זיי ווייבען אויס ווי אַ פּעסט,
אַט די אונגעבעטענע געסט,
די פּראָסטע שוואַרצע קראָהעס.

און אויך ניט אונז אַרט אַ לעק,
וואָס זיי זיינען דאָרט אַוועק,
גלויבט אונז בנאמנות!
מעגען זיי וויפיעל זיי ווילען,
פאַר דער וועלט „פּאַוועס" שפּיעלען,
ביי אונז זיינען זיי וואָראָנעס!

# דער פוקס

א פוקס האָט פון אַ פּראַליוועקע טרינקען געטרייט,
אין אַ פריה, בעגינען, ווינטער־צייט,
נאָך איידער טאָג איז געוואָרען;
אַ פראָסט אַ ברענענדיגער איז געוועזן,
און דאַדורך האָט עס געשעהן,
זיין עק צום אייז האָט צוגעפראָרען.

געוועהנליך, ווען דער פוקס גלייך אויפ'ן פלעק,
מיט כח גיט אַ ציה דעם עק,
וואָלט צו אַ גרויסען אונגליק ניט פיהרען;
פון זיין טייל אין גאַנצען גאָר,
אפשר אַ פּאָר דוצענס האָאָר,
האָט ער געקענט פערליערען.

אונזער העלד אָבער איז אַ ספּאָרט,
ער ריהרט זיך ניט פון אָרט,
ספּאָילען דעם עק וויל ער גאָר ניט טרייען;
ער טרייסט זיך, אַז אַ ביסעל שפּעטער,
ווערט וואַרעמער דער וועטער,
און פון זיך אליין וועט זיך דער עק בעפרייען.

דער חכם האָט זיך אָבער אין חשבון גענאַרט,
וואָס לייגגער ער האָט געוואַרט,
איז דער פראָסט אַלץ שטאַרקער געוואָרען ;
און שוין ניט נאָר איינציגע האָאָר,
נאָר דער עק אין גאַנצען גאָר,
איז שוין צום אייז צוגעפראָרען.

און דאָ אַ קלאָג,
ס'ווערט שוין טאָג,
די מענשען לאָזען זיך שוין הערען ;
זיי וועלען איהם דערזעהן,
און נעהמען אין פלען,
וואָס קען דאַן פון איהם ווערען ?

צום גליק געהט אַ וואָלף פאַרביי.
„ליעבער פריינד, מאַך מיר פריי !" —
שרייט דער פוקס, „איך קען פון דאַנען ניט אַוועק !".
ר' וועלוועל, אוים רחמנות, געהט דער אָן,
מאַכט אויף „וואָלפיש" אַן אָפּעראַציאָן,
איהם אָפּגעגריזשעט דעם גאַנצען עק.

* * *

דער מוסר־השכל איז דאָ קלאָהר,
פאַר אונזערע לעזער געשריעבען :
ווען דער פוקס זשאַלעוועט קיין צעהנדליג האָאָר,
וואָלט דער עק ביי איהם געבליעבען.

# די טויב און די קוקאַווקע

עס שטעהט אַ קוקאַווקע אויף אַ בוים און שרייט
מיט אַן אומעטיגען קלעגליכען ניגון,
נעבען איהר אויף אַ צווייגעל ניט ווייט
איז אַ טייבעלע אַרויפגעשטיגען.

„אָ, זאָג מיר שוועסטערל, וואָס דיין אונמוטה בעדייט?"
די טייבעלע גיט זי אַ פרעג.
„קלאָגסטו אפשר אויף די פריהלינג צייט
וואָס איז יעצט עבען אַוועק?

און וואָס ניעדריגער, די וואַרימע זון
האָט זיך אַרונטערגעלאָזען?
אָדער אפשר קלאָגסטו דערפון
וואָס געשטאָרבען זיינען די גראָזען?"

„מיין קלאָג איז גרויס, כ'בין עלענד ווי אַ שטיין,
הער אוים מיין מעשה און משפט אַליין
איז ניט אויף מיר אַרויף גאָט'ס צאָרן?
ערסט לעצטען פריהלינג האָב איך אַ ליבע געשפּיעלט,
אַ ליעבע פון וועלכע איך האָב גן עדן געפיהלט
און מוטער אָם ענדע געוואָרען.

און ווי אַלע מאַמעס האָב איך געוואַרט
קינדערשע ליעבע הייליג און צאַרט
אין ריכטיגען צייט צו געניסען;
און דאָ הייבט זיך אָן מיינע קלאָגען,
פשוט אַ שאַנדע פאַר דיר עס צו זאָגען
מיינע קינדער ווילען פון מיר ניט וויסען.

און גיב אַ קוק ווי מאַמעס אומעטום,
מיט זייערע קינדער זיך פיהרען אַרום
און פער׳יתומ׳ט בין איך נאָר אַליין;
דאַן ווערט מיין האַרץ אויף שטיקער צוריסען,
פון מיינע אויגען טרערען דאַן פליסען
און מיין „קוקו" איז מיט אַ געוויין".

„מיין שוועסטער, איך האָב רחמנות אויף דיר".
די טייבעלע פריינדליך ענטפערט איהר,
„ביי דעם וועג, פליעז מיר עקספליין:
ווי מען האָט דערצעהלט — ביסטו אַליין
דעם פריהלינג געהאַלטען אין איין פליהען,
טאָ ווער האָט מאַטעריאַל צוזאַמענגעבראַכט,
און ווער האָט דעם נעסט פאַר דיר געמאַכט
דיינע עופה׳לאַך צו ערציהען?"

„אַזאַ נאַרישקייט האָב איך ניט געטאָן דוקא"
ענטפערט איהר די קוקאַווקע,
וואָלט דען דאָס פאַר מיר געטויגט?

די שעהנסטע צייט אין יאָהר
מיט ארבייט מיך פערנעהמען גאָר ?
איך האָב מיינע אייער אין אַ פרעמדען נעסט געלעגט".

„אויב אַזוי?" שרייט אוים די טויב
„איז שוין ניט קיין וואונדער, איך גלויב,
אַז דאָס איז טאַקע די ריכטיגע סיבה;
אַ מאַמע וואָס בעשלאָסען האָט
לאָזען איהר קינד אויף גאָט'ס בעראָט
בעדאַרף ניט וואַרטען אויף זייער ליעבע."

# די מאָסקיטא און דער לייב

כאָטש די סיבה איז ניט צו פערשטעהן,
דאָך איז עס אַ פאַקט, אַזוי האָט עס פּאַסירט.
דער מעכטיגער לייב, דער קייזער אַליין
האָט אַ מאָהל די קליינע מוסקיטא אַטאַקירט.

די בעליידיגטע, ווי קליין און ווי שוואַך,
בעזיצענדיג אָבער מוטה אַ סך,
ערקלעהרט דעם לייב גלייך מלחמה,
מיט גאָטעס הילף און מיט איהר מוטה,
ווי אויך מיט איהר לעצטען טראָפּען בלוט
זוכט זי פון איהר בעליידיגער נקמה.

דער לייב נעהמט עס פאַר אַ שפּאַס.
ער לאַכט זיך אוים פון זיין געגנערס כעס,
ווי קומט אַ פליג מיט איהם צו שטרייטען?
די מאָסקיטאָ אָבער — מיט איהר כלי־זיין
און מיט הוזען און מיט איהר שרייען
פאַנגט גלייך אָהן מיט איהם פייטען.

שמייכלענדיג דער קייזער גיט אַ קלאַפּ מיט דעם עק,
דער געגנער פליהט אויף אַ ווייל אַוועק,

קומט אָבער גלייך צוריק. גרעסער איז זיין מוטה,
און איז ווי פריהער פיעל פרעכער,
אין שונא'ס שטערען לאָזט ער זיין שטעכער
און זויגט פון איהם זיין הייסעס בלוט.

דער גבור נעהמט דרייען מיט זיין קאָפּ.
אונזער העלד אָבער שרעקט זיך גאָר ניט אָפּ
אין נאָז ביין לייב פליהט ער אַריין,
פון נאָז אין אויער — אַזוי מופט ער אַרום
און מאַכט אַן שמערצען אומעטום,
מיט דעם שאַרפען שטעכער זיין.

דאָ דער לייב דערפיהלט דעם וויי
און שרעקליך איז זיין געשריי,
בעגלייט מיט אַ מורא'דיגען ברום,
און זיין טרעשצען מיט די ציינער
און זיין קנאַקען מיט די ביינער
הערט מען מיילען ווייט אַרום.

אַ טרעוואָגע ווערט אין גאַנצען וואַלד,
אויף יעדע חיה אַ מוראָ פאַלט,
פון דעם שרייען און פון דעם ברומען ;
מען מיינט דער וואַלד איז אין פלאַמען,
אָדער וואַסער גאַנצע ים'ען
איז דאָ פלוצלונג אָנגעקומען.

און אַז גוט אַנגעמוטשעט האָט זיך דער לייב,
פון יסורים זיך געוואָרפען אין זאַמד און שטויב
און שוין כמעט אָהן כחות ליעגען געבליעבען ;
האָט די מוסקיטא
אַ פריעדענס טריטא
אויף דעם יחסן׳ם בקשה אונטערגעשריעבען.

*    *    *

פון די נקמה פון אַ שוואַכען
זאָלסטו קיין מאָהל ניט לאַכען,
ס׳קען דיר ביזין בייז אַ מאָהל קריינקען ;
קענסט אַ מאָהל פון אַ שוואַכען שונא
קריגען קלעפּ אַזוינע
אַז דו זאָלסט האָבען צו געדענקען.

# צוויי כלבים

צוויי כלבים קינדער פון איין מאַמען,
געבאָרען, ערצויגען און געלעבט בייזאַמען,
דאָך די מזלות פוןביידען ווי זיינען משונה
איינער באַדט זיך אין פערגעניעגען
וואָס זיין האַרץ געלוסט לייכט איהם צו קריגען ;
וועהרענד דער צווייטער זיך קוועלט פאַר אַ שטיקעל
חיונה.

ראָווער, פון די צוויי דער עלטערער הונד,
מוז נאָך אַנאַנד היטען די גרונד,
אין היטץ זיך ברענען, פריהרען פון קעלט ;
אַ גאַנצען טאָג אויף דער וואך
און אויך ביינאַכט די זעלבע זאַך,
איז ער ווי אַ קרוק אָוועקגעשטעלט.

און נאָך אַנאַנד די האַלדז זיך רייסען,
פון שטענדיג ביללען, שטענדיג בייסען,
האָט אויף זיין לעבען קיין מנוחה־רוה ;
און שונאי ציון דעם גרויסען שכר,
וואָס דער בעל הבית גיט איהם דערפאַר,
שטיקלאַך און ברעקלאַך וואַרפט מען איהם צו.

דערפאר אָבער קלעפּ זשאַלעוועט קיינער,
ווער נאָר לוסט האָט ברעכט איהם די ביינער,
איז צוקיילט און צובײלט אויף שטיקלאך ;
זיין אויסזעהן שרעקליך גרין און געל,
שמוציג זאַראַשזעט ער אין זיין פעל
פון וואַלגערען זיך אויף די בריקלאך.

להיפך זיין ברודער, דער קליינער פעט,
ווי אַ דבר אַחר איז ער פעט,
האָט אַן אויסזעהן פון אַריסטאָקראַט ;
אַ ברייטע שנוקע, די צורה רויט,
דער קאָפּ פעררייסען דער עק פערדרעהט
און די פעל ווי סאַמעט גלאַט.

און קיין וואונדער אסור כ׳לעבען,
ווי אַ קייזער טהוט ער לעבען
דער אין אַ גליקליכע שעה געבאָרענער פעט ;
ביי טאָג זיין עסען פון שעהנסט און בעסט,
ביי נאַכט אַ גוטען לאַנגען רעסט
אין א ווייכע וואַרימע בעט.

חוץ דעם בכבוד געהאַלטען ווערט ער,
ווי אַ שעהנער קאַוואַליער,
אַ ליעבע די ליידיעס מיט איהם פיהרען ;
עס איז ביי זיי אַ גאַנצער שפּאַס,
ווען בייזאַמען זיי אין גאַס,
מיט פעטען אַרום שפּאַצירען.

איין מאָהל די צוויי טרעפען זיך אָן.
פעט זיין ברודער אין אַ היימליכען טאָן
דערצעהלט פון זיינע גליקען אָהן אַ שיעור,
ווערהרענד ראָווער קלאָגט זיך — וויינט מיט טרעהרען:
„ליעבער ברודער, קענסטו מיר ערקלעהרען
די סיבה, וואָס גליקליך האָט געמאַכט דיר?"

„ראָווער, ברודער, זיי מיר מוחל,
דו האָסט גאָר ניט קיין שכל,
קענסט זיי אַזווי פיעל ניט פערשטעהען?
אַז איך האָב עררייכט מיין גליק,
דורך דעם, וואָס איך ווייז אַ טריק,
אויף די הינטערשטע פיס צו געהען."

*   *   *

אין דער אמת'ן גערעדט:
אַ בן יחיד איז ניט פעט.
אויך פלענטי לייטע ווי איך ווייס;
קענען זיי נאָר פערשטעהען,
אויף די הינטערשטע פיס צו געהען,
ווערען זיי גלייך גרויס.

# דער גנב־הונד

אַ הונד אַ גנב לעבט ביי אַ בעל הבית.
דערזעהען זיינע גנב'ישע אויגען וואָס
פליישיגעס, אָדער גלאַט צו נאַשען גוט,
ניט רוהען לאָזט איהם מעהר,
דרעהט זיך שעלמיש אַהין און אַהער
ביז צו לאַטכענען קריגט דאָס דער פלוט.

און ווי פיעל ער האָט ניט געקראָגען,
מכת רצח פון באָס געשלאָגען,
די גנבות קען ער דאָך ניט סטאָפען;
ער פערגעסט גלייך אָן די קלעפ
און זוכט ווידער אין די טעפ,
נאַשערייען צו דערטאַפען.

און ווער וויס, ווען עס האָט געקענט
נעהמען פון די טראָבעל אַן ענד,
ווען דער באָס צום שכל וואָלט ניט געקומען,
אַז ווען ער איהם גנב'נען פאַקט,
אָנשטאָדט מיט שטעקענס וואָס ער האַקט
האָט ער בעסער די גנבה צוגענומען.

און ווי הונד־גנב האָט אײַנגעזעהען,
אַז קיין ריוח איז ניט געווען,
נאָך דעם מען מוז אַזוי פיעל ריסיקירען;
האָט ער גנב'ענען אויפגעגעבען
און אַן עהרליכען לעבען
אָנגעהויבען צו פיהרען.

# דער אָדלער און די היהנער

אַן אָדלער נאָך דעם ער האָט געשוועבט אַ צייט
צווישען די הויכע וואָלקענס ווייט,
דאָרט, וואו עס געפינען זיך די שטערען
און די בליטצען געבאָרען ווערען;
קומט אַרונטער אין די אונטער־וועלט,
אויף אַ ניעדעריגען דעכעל ער זיך שטעלט
פון וואו עס איז איהם מעגליך אונגעשטערט
בעקוקען, וואָס קומט פאָר אויף דער ערד.

און גלייך דערזעהט ער מיט זיינע אָדלער־אויגען
אַ פּלאַטץ, וואָס בעסער פאַר איהם קען טויגען
און פליהט טאַקע אַריבער דאָרט;
אַזוי פון איין דעכעל צום אַנדערען
טהוט ער אַרום וואַנדערן
איבער בייטענדיג זיין אָרט.

אַ הוהן זעהט דעם אָדלער פליהענדיג אַרום,
זאָגט צו דער צווייטער: „זאָג מיר שוועסטער, וואָרום
זיינען די אָדלערס אַזוי בעריהמט?
זאָגען קען איך דיר בעשטימט,
ווי צוויי מאָהל איינס איז צוויי,

אַז ווען איך זאָל מיר אַ ביסעל בעמיהען
קען איך אויף דעכלעך פליהען
גראַדע אַזוי ווי זיי״.

דער אָדלער דערהערענדיג די הוהן׳ס רייד,
ער געלאַסען בעמערקט : „דאָך איז אַן אונטערשייד,
„איהר היהנער קענט דאָך מיט אונז זיך ניט גלייכען ;
מיר קענען פליהען טאַקע אויף די דעכער,
אָבער אַז מען בעדאַרף אויך פון די וואָלקענס העכער,
וואָס איהר קענט אויף אייער לעבען ניט דערגרייכען.״

*　　*　　*

אויך פיר עם־הארצים אַייך,
איז דאָס אַ גוטער לעססאָן,
מיט לומדים זייט איהר ניט גלייך,
זאָלט איהר ניט פערגעסען.

# דעם דיכטער׳ס קלאַגע

מיט אַ געוויסען מילליאָנער
איז געקומען צום פערהער
אַ פּאָעט פאַר דעם ריכטערס שטוהל;
דער ערסטער געזונד, שטאַרק רייך געקליידט,
אָפּגעטונקט אין גאָלד, ווי ער שטעהט און געהט,
גראָב דער בויך דער פּאַקעט פולל.

דער צווייטער אַ מענשעלע אַ קליינער,
אַ ביסעל הויט און ביינער,
מוטהלאָז, שפּל, אַראָפּגעבויגען דעם קאָפּ;
קענטיג אין אַל זיין לעבענס צייט
דחקות, הונגער, צרות און לייד
טרעטען אויף אַ רגע פון איהם ניט אָפּ.

דער דיכטער טענה׳עט: פון דער וועלט דו גרינדער!
„דאָ שטעהען פאַר דיר דיינע צוויי קינדער,
אויף דיזער וועלט האָסטו געבראַכט אונז ביידען;
מיין געגנער, מיט דעם פולען האַנט האָסטו געגעבען
אַלע פערגעניגען, וואָס עס איז פאר׳ן לעבען
און מיר נאָר דחקות צרות און ליידען.

פון מיינע פריהסטע יאָהרען,
פערשוואַרצט געוואָרען,
געליטען הונגער, געליטען קעלט;
דעם טאָג און שפלות, ליידען און באָרגען,
און אין איין מוראַ פאר דעם מאָרגען
האָב איך פערבראַכט מיין גאַנצע וועלט.

וועהרענד מיין בעל דין איז ביי דיר טהייער,
פערזאָרגט האָסטו איהם ווי אַ טאַטע געטרייער
מיט אַלץ וואָס אויף דער וועלט איז נאָר צו קריגען;
אַלע דיינע אוצרות פאר איהם צו געניסען,
דיינע גאָלדענע קוואַלען אויף זיין גרונד פליסען,
אויף׳ן לייטער פון הצלחה איז ער געשטיגען.״

„מיין קינד״. איהם ענטפערט דער הימלישער ריכטער.
„דיר האָב איך מעהר ווי דיין געגנער געגעבען.
איך האָב דיר געשענקט אַ טאַלאַנט פון אַ דיכטער
פאר׳ן קדשי קדשים אַ פרוכת צו וועבען.

ביסט פייהיג צו דענקען — און ווען דעם אמת זאָלסטו
שרייבען
און אַ גאַנצע מלוכה איז דאָס ווערטה פאר דיר גאָר,
לעבען וועט דיין אָנדענקונג בלייבען,
פיר שפעטער מיט טויזענד און טויזענדער יאָהר.

ווערענד יענעמ'ס עשירות, ווייסען זאָלסטו
מקנא זיין דאַרף מען ניט שטאַרק,
וואָרום מאַכט ער נאָר מיט די אויגען צו
אין גאַנצען אַראָב געהט ער פון מאַרק".

# דער וואָלף מיט דער שעפּסעלע

אין אַ זומער טאָג אַ שעהנעם,
האָט זיך נעבען אַ טייכעל אַ קליינעם,
אַ שעפּסעלע טרינקען אַוועקגעשטעלט;
אַ וואָלף, וואָס איז גראַדע דער ביי געווען,
ווען ער אַזאַ געשמאַקען ביסען האָט דערזעהן
האָט זי זיך אויף אַ דינער איהם פערוועלט.

און כלומרש'ט נאָך אַ בעל יושר צו זיין
געהט ער מיט זיין קרבן אין אַ וויכוח אַריין.
„היי", שרייט ער, ווי האָסטו אונטערשטאַנען?
„טרינקען מיט דיין שמוציגען שנוק פון דאַנען
וואו איך טרינק געוועהנליך אַלץ אַליין,
זעהסטו דאָ, די זאַמד און שטויב?
דו האָסט דער מיט, ווי איך גלויב,
פערשמוצט דעם גאַנצען טייך
און פאַר אַזאַ העזה ועסטו גלייך,
פראַמאַ צו דיין עלטער־באָבען געהן".

„געעהרטער ר' וואָלף" האָט די שעפּעלע אָנגעהייבען
„אייער האָכגעבורט זאָל מיר גלויבען,

אַז פּאַר הונדערט טריט ווייט,
וואו איהר געשטאַנען זייט
האָב איך אַ טרונק גענומען;
און דעריבער איז אייער פערדאַכט
דאָס שמוציג האָב איך געמאַכט,
די וואַסער אויף דעם אָרט,
וואו איהר האָט געטרונקען דאָרט
גאַנץ אומזיסט אויף מיר געקומען".

„נון בין איך נאָך אַ ליגנער? דו מרשעת!
שרייט דער וואָלף מיט אַ געמאַכטען כעס
אַזאַ חוצפה איז גאָר ניט געהערט געוואָרען!
אַגב געדענק איך נאָך ווי פאַר-אַ-יאָהרען
האָסטו פוגע בכבוד געווען מיר".
„—נאָך קיין יאָהר, ווי כ'האָב די וועלט, דערזעהן"
„איז דאָס מסתמא דיין שוועסטער געווען.
„קיין שוועסטער האָב איך גאָר ניט געהאַט„
„איז דאָס דיין מאַמע אָדער גלאַט,
אַ מחותנת'טע צו דיר.
אייערע הינד, אייערע פאַסטוכער און איהר אַליין,
ווילט מיר מיינע יאָהרען דערגעהן
און זוכט צו נעהמען מיין נשמה
און פון דיר נעהם איך פאַר זיי נקמה".
„אָבער, וואָס זאָל איך ליידען פאַר פרעמדע זינד"?
„וואָס זאָל איך זיך רעכענען מיט דיר קינד?

גאָר די שולד איז אויף דיר,
ווייל עסען ווילט זיך מיר".

* * *

ווען דער צבוע'ק געהט רויבען
טרייט ער זיין קרבן מאַכען גלויבען,
אַז ער מעג עס על פּי דין;
כאָטש זיינע טענות זיינען אַזוי ריכטיג.
און די ריזאָנס אַזוי וויכטיג,
ווי דעם וואָלף'ס האָט געהאַט אַ זינן.

# דער לייב און דער וואָלף

אַ לייב איז זיך בהרחבה געזעסען,
זיין פריהשטיק האָט ער געגעסען,
אַ שעפּעלע ערסט געקוילעט פריש;
אַ קליינער הינטעל איז צוגעקומען
און האָט אַ שטיקעל פלייש גענומען
פון דעם קייזערס רייכען טיש.
דער קייזער לאָזט איהם געהן,
ווייל דער הינטעל איז צו קליין
פּשוט צו טהאָן האָבען ניטאָ מיט וועמען,

דער וואָלף דערזעהנדיג אַזאַ זאַך
מיינט ער אַז דער לייב איז קראַנק און שוואַך
און קומט אויך אַ חלק נעהמען.

אָבער ער האָט געלעהרענט אַ פאַלשען פּשט,
איהם אַליין פאַר דינער האָט דער לייב געהאַט.
אויף דעם הינטעל האָט ער ניט בעדאַרפט קוקען;
דער הינטעל איז אַ בייבי — ער אָבער גרויס גענוג
און האָט געזאָלט זיין אויף אַזוי פיעל קלוג
אין געפאַהר זיך ניט צו רוקען.

# רבי משה קבצן

ר׳ משה קבצן בעקלעהרט די וועלט
אַ שטיקעל סדר אין איהר פעהלט,
בלי ספק אויף צרות איז דער אָרימאַן ;
און אַפילו די נגידים
ניט זיינען צופרידען
גענוג פאַר זיי איז קיינמאָהל פאַראַן.
ניט בענוגנען זיי זיך קיינמאָהל
מיט די גרויסע אוצרות וואָס זיי בעזיצען,
מיט די טויזענדער אָהן אַ צאָהל,
וואָס לעבענס לענגליך ניט קענען זיי פערניטצען.
אַלץ זיי זוכען מעהר און מעהר,
צו זייער האַוועך קיין ענדע ניט
און גיבען זיי גאָר קיין קלעהר
אין קבר נעהמען זיי גאָר ניט מיט.

ווען איך וואָלט נאָר אַזוי פיעל געהאַט,
אויף מיינע הוצאות צו דעקען.
אויף צו טרינקען און עסען זאַט
אויך אויף אַ קלייד זאָל עס קלעקען.
און מעג עס אוצרות אויף׳ן סטריט,
זיך וואַלגערן פאַר מיינע אויגען

איך ריהר זיי ניט, איך נעהם זיי ניט.
וואָס קענען זיי פאַר מיר טויגען ?

אליהו הנביא זיין בקשה דערהערט
פון די וואָלקענס קומט ער צופליהען ;
ניט פיעל וואָס ר' משה בעגעהרט
אַ יושר פאַר איהם זיך צו מיהען.

„הער צו פריינד", אליהו מאַכט צו איהם
„צוגעהערט האָב איך דיין שטים
און געקומען בין איך דיר טריטען
מאַך אויף די גרויסע טאָרבע דיין
און וויפיעל אין איהר וועט אַריין
רענדלאַך וועל איך אָנשיטען.
און גאָלדענע רענדלאַך וועלען זיי זיין,
די וואָס וועט אין טאָרבע אַריין,
אָבער פאַלט וועלכע אַראָפּ אויף דער ערד ;
ווערט פון זיי שפּענדלאַך נאָר
און ניט אַפילו אויף אַ האָאָר.
האָבען זיי קיין ווערטה.

פאַר דיר דעריבער איז זעהר וויכטיג
דאָ צו זיין גוט פאָרזיכטיג,
דיין טאָרבע ניט איבער לאָדען ;
דען אין פאַל זי פּלאַצט אַוועק
איז ניט ווערטה טאַבאַק אַ שמעק
די רענדלאַך וואָס פאַלען אויף'ן באָדען.

זעהר פריילִיך ווערט דער אַלטער
זיין טאָרבע ברייט אָפּען האַלטער
און אַ שטראָם פון גאָלד גיט זיך אַ לאָז;
רענדלאַך גאָלדענע עס פערבליצט די אויגען
איינע אויף די אַנדערע אין טאָרבע זיך לעגען.
די שווערע טויזענדער דער זאַק שוין האָט.

„שוין אפשר גענוג?"
אליהו גיט אַ פרעג
„נאָך ניט" משה שרייט „נאָך ניט"
„אַוועק פלאַצען וועט דאָך דער בעג!"
„נעווער מיינד, נאָך אַ ביסעל שיט!"
„דו ביסט דאָך שוין אַ מיליאָנער".
„ס'מאַכט ניט, גיב אַ ביסעל מעהר,
נאָך אַ ביסעל, נאָך אַ פּאָר, זיי ניט קאַרג",
און די משא ווערט פיעל צו שווער,
די טאָרבע אויסהאַלטען קען ניט מעהר,
געפּלאַצט האָט זי, אַרויסגעשאָטען די רענדלאַך
און גלייך איז פון זיי איינפאַכע שפּענדלעך
געבליבען ליגען אַ גאַנצער באַרג.

# דער העכט און די קאַטץ

אַ העכט האָט פּלוצלונג געקראָגען חשק
זיך צו בעשעפטיגען מיט מייז פאַנגען,
און איבעררעדען מכח דיעזען עסק,
איז ער צו דער קאַטץ געגאַנגען.
אין קורצע ווערטער גיט ער איהר פערשטעהן:
אַזוי ווי אין איהר ליין ביזנעס וויל ער געהן,
זאָל זי איהם ווייזען דעם וועג
אין קעלער אָדער אין קיך,
וואו פלענטי מייז געפינען זיך,
געהן בייזאַמען אויף געיעג.

„מיין פריינד! — די קאַטץ ווענדעט זיך צום העכט —
מילא, דאָס איז שוין רעכט,
איך קען דיר ווייזען וואו זיי ליעגען,
אָבער דאָס, מיין ליעבער, איז נאָך ניט גענוג,
מען בעדאַרף אויך זיין געשיקט און קלוג,
ווי מייז געפאַנגען צו קריעגען".

„נעווער מיין! — ענטפערט דער העכט — כ'פערשטעה
מיין פאַך!
דאַן נעהמען מיר זיך מיט מזל צו דער זאַך".

אוועק זיינען זיי צום דזשאב. די קאַטץ
זי כאַפּט אַ ראַטץ נאָך אַ ראַטץ,
און אַז פּרעסען מעהר שוין ניט געקאָנט,
האָט זיך דאַן די קאַטץ דערמאָהנט
אַ קוק צו טהאָן
אויף איהר קאָמפּאַניאָן.
און וואָס זעהט זי? — עס כאַפּט איהר אָן אַ שרעק —
עס ליעגט דער העכט אויסגעצויגען
מיט אַן אָפּגעגריזשעטען עק,
און אַ גסיסה־קאָליר אין די אויגען,
איז אין גאַנצען קאַלט ווי אייז!
עס איז אויף דיר אַ רעכט,
דו נאַרישער העכט!
דיין מלאכה איז ניט צו כאַפּען מייז!".

* * *

אַזאַ יאָהר אויף אונזערע שונאים,
וואָס פאַר אַ דזשאַב דערפון קען זיין,
ווען ברוך דער גלעזער פערלאַטעט תחתונים,
און בערע לאַטוטניק אַ שויב שטעלט אַריין.
ווען מאָטקע טריפניאַק קלייבט בשר כשר,
און מענדעל סאָציאַליסט — אַ ווייסע כפרה,
ווען דער ראש הקהל איז דער בעדער אָשר,
און פייטעל בור לעהרענט גמרא.

# די מייזעלע

אַ בייבי מייזעלע, נאָך פון די ווינדעלאַך ניט אַרויס,
האָט אַ מאָל פערבלאָנדזשעט פון איהר מאַמעס הויז,
און געהאַט האָט זי גליק,
צו טרעפען איהר וועג אַהיים צוריק.

איהר מאַמע ווערט מלא שמחה זי ווידער צו זעהן,
און פרעגט די טעכטעריל: וואו זי איז געווען?
און אָט וואָס די קליינינקע האָט געהאַט צו זאָגען:
„אַ גרויסען חשק האָב איך געקראָגען,
אויף דער וועלט אַ ביסעל צו וואַנדערען,
און אַזוי לאַנגזאַם האָב איך מיר גערוקט
פון איין אָרט צום אַנדערען.
מיט אָן אָפענע אויג אַלץ בעקוקט,
וואָס עס האָט זיך מיר אויפ'ן וועג געטראָפען,
געקומען בין איך צו אַ פּלאַטץ, די טהיר איז אָפען.
איך געה מיר אַריין צו זעהען וואָס קומט פאָר,
און טרעף אַ חיה'לע, בעוואַקסען מיט האָאָר
(זעהט אויס איינע פון אונזערע גאָר),
זיצט זיך אַזוי רוהיג, שטיל, געדולדיג,
פונקט ווי זי איז נאָר גאָט די נשמה שולדיג.
קוקט אויס פול מיט רחמנות, גאָטספאָרכטיג פרום,

ווייזט אויס צו זיין בעליעבט אומעטום,
איהר גוטסקייט קענסטו זעהן אין איהרע אויגען,
און די הארץ, מאַמע, האָט מיר צו איהר געצויגען,
פונקט ווי עס ציהט מיר צו דיר.
איך האָב שוין געדיינקט צוצוגעהן צו איהר,
איז אָבער דאָרט געשטאַנען ביי דער זייט,
אַ מין ריעז, אַ בייזער, — אַלץ ער שרייט,
און פשוט ווי אַ גזלן האָט ער געעקט,
פון קאָפּ ביז די פיס מיט פעדערען בעדעקט,
אויף זיין קאָפּ אַ רויטען קאַם, די פיס מיט שפּאָרען,
נאָכאַנאַנד אין כעס, אַלץ אין צאָרן,
נאָכאַנאַנד ער בייזערט זיך און שרייט,
און קוקט נאָר ווי אָנצוהויבען אַ פּייט.
מיינע אברים נעהמען ציטערען אין מיר,
און רוק מיר טאַקע גלייך צום טהיר,
און מאַך פּליטה. עס פערדריסט מיר נאָך עד היום,
וואָס צוליעב דעם בייזען באָם,
בין איך ניט געווען אין שטאַנד,
צו ווערען בעקאַנט
מיט די כשר'ע נשמה, וואָס דאָרט איז געווען.
איך ווינש, מאַמע, דו זאָלסט איהר ווען זעהען !".

„אָ ! זאָל מיך גאָט בעהיטען, מיין קינד —
ענטפערט די אַלטע איהר געשווינד —
מיט דיין „כשר'ע נשמה" אויף איין פּלאַטץ
זיך צו טרעפען ! דאָס איז דאָך די קאַטץ !
דער ערגסטער מחבל וואָס זיין קען נאָר,

זוכט אויסצוראָטען אונזער גאַנצען דור,
אונזער מלאך־המות פון אייביג אָן,
ווערענד דיין „גזלן" — איז דער האָהן,
קיין מאָל קיין שלעכטס אונז געטהאָן,
און זוכט עס אויף קיין אופן.
דו ביזסט נאָך, מיין קינד, צו קליין,
די וועלט צו פערשטעהן,
נור האָבען מעגסטו אַ כלל
אין יעדען פאַל,
פון די שטילינקע צו ענטלויפען!".

# אַ כפוי טובה

אַ פויער אַ געוויסער, אי שוואַך, אי אַלט,
איז אַ מאָל דורך דעם וואַלד
מיט זיין משרת געגאַנגען ;
פּלוצלונג אַ בער דערזעהען זיי.
די חיה גיט אַ שפּרונג איינס און צוויי,
און דער אַלטער איז געפאַנגען.

עם האַלט איהם פעסט דער בער,
דרעהט איהם אַהין און אַהער,
אַז עס טרעשטשעט דעם פּויער׳ס ביינער,
נאָך אַ ווײלע — און ער איז טויט,
די ווילדע חיה איז שוין בערייט
אין איהם אַריינצולאָזען איהרע צייהנער.

„העלף מיר, העלף מיר אין מיין נויטה !״ —
מיט די לעצטע כחות דער אַלטער שרייט —
„האָב רחמנות, ראַטעווע מיר מיין לעבען !״.
דער אַרבייטער הויבט זיין האַק אין דער הויך,
און אַראָפּלאָזענדיג מיט דעם גאַנצען כח,
האָט ער דעם בער אַ זעטץ געגעבען.

עס האָט געשאַפט די שאַרפע האַק,
און דערלאַנגט אַ גוטען קנאַק,
ס'האָט ריכטיג אָפּגעגאָלטען ;
אַ שרעקליכען וואָי דערלאַנגט דער בער,
אין איין רגע אַ בר־מינן איז ער,
די בויך איז ביי איהם צושפּאָלטען.

פאַרביי די סכנה, דער פויער שטעהט אויף,
מיט רוגזה פאַלט ער גלייך אויף דעם אַרבייטער אַרויף :
„דו עזעל־קאָפּ ! מעגסט גֵעהן אין די העלל !
מיט דיין האַק דעם בער אין בויך דערלאַנגען,
ביזסטו ווי אַ שוטה זיך בעגאַנגען,
דו האָסט געספּוילט אַ טייערע פעל !"

# דער אַלטער און די יונגע

אַן אַלטער מאַן (שוין אין די זיעבעציג געווען)
האָט אַ בוים פלאַנצען זיך גענומען.
דריי יונגע לייט האָבען דאָס געזעהן,
און צו איהם מיט אַ טענה געקומען.

„דו נאַרישער אַלטער, וואָס דו ביזט,
קענסטו אויף אַזוי פיעל ניט וויסען?
דיין גאַנצע אַרבייט איז אומזיסט,
אויף דיין לעבען ניט מעהר געניסען.

איז דיר מעגליך פון דיעזען בוים די פרוכט,
וואָס מיט יאָהרען שפּעטער ווערט מען קלייבען!
אָ, ביז דאַן, אונז זיך דוכט,
ווערט שוין פון דיר קיין זכר בלייבען.

זעה די קנייטשען אויף דיין צורה, די גראָהע האָאָר,
דו שמעקסט דאָך שוין מיט קבר, כ'לעבען,
אָדער דיינקסטו אפשר אַרום טויזענד יאָהר,
אַזוי ווי משותלח, ועסטו לעבען?

ניין, אַזעלכע אַרבייט איז ניט פאַר דיר,
אונז יונגע מוזסטו דאָס איבערגעבען,
ווען בוימער וועלען פלאַנצען מיר,
איז מעגליך פון זיי די פרוכט דערלעבען".

„מיינע פריינד ! — רוהיג ענטפערט זיי דער גרייז —
טאַקע אמת, איך בין פון קבר ניט ווייט,
דאָס איז אָבער קיין בעוויין,
אַז איך בעדאַרף ניט פאַר אַנדערע לייט

עטוואָס שאַפען, — און איהר מעגט מיר גלויבען,
דאָס איך רעד אויך וואָס איך מיין,
מיט מעהר לוסט מיינע הענד זיך הייבען,
ווי איך וואָלט אַרבייטען פיר זיך אַליין.

ווען מיין פלאַנצונג וועט זיין געראָטען,
ס'וועט ווערען אַ גרויסער בוים,
און אַ מאָל אונטער זיין שאָטען
וועט אַ וואַנדערער קריגען אַ היים.

אָדער פון מיין אַרבייט די פירות,
וועט מאַכען וועמען פערגעניגען,
און מעג עס אויך שפעטער מיט דורות,
ווען איך וועל שוין אין דער ערד ליעגען,

וועט דאָס זיין דער בעסטער שכר
פון מיינע אַרבייט, וואָס איך שוין געניס.

דער טעם דערפון איז וואונדערבאַר,
ס'איז אי געשמאַק, אי הערליך זים.

אגב, קינדערלאַך איז צו זאָגען שווער,
ווי די השגחה וועט זיך פערוועלען,
און פון אונז אַלעמען אַם גיכסטען ווער
וועט דעם טויט צום ערסטען געפעלען.

ס'איז ניט געוועזן ביי מיר קיין נייעס,
אין מיינע אַלטע יאָהרען אָפט צו געהן
אויף פון יונגע העלדען זייערע לויות,
אויך פון יונגע מיידלאַך רייצענד שעהן.

ניט אַ ברעקעל ידיעה איז פאַראַן,
וואָס דער מאָרגען קען אונז געבען,
קען זיין אַז איך, אַלטער מאַן,
קען נאָך אַייך יונגע אַריבערלעבען . . .

# גאָלדענע אייער

ביי איינעם איז אַמאָל אַ היהנדעל געווען,
אויפ׳ן קוק אַ פּראָסטע, ניטאָ וואָס צו זעהן,
יעדענפאַלס אַן אויסנאַהם איז זי דאָך;
זי לעגט יעדען טאָג נאָך דער רייהע,
אין איהר נעסט אַ גאָלדענע איי,
סיי זומער, סיי ווינטער, סיי שבת, סיי וואָך.

זעלבסטפערשטענדליך, דער וואָס אייגענט זי,
אין אַ קורצער צייט, גאָר אָהן מיה,
איז אין מיליאָנען אַריינגעשטיגען;
שטעלט אייך פאָר אַ פערמאָג,
יעדען טאָג און יעדען טאָג
אַ גאָלדענע איי צו קריגען.

און ווער ווייס נאָך ווי לאַנג,
זיין גאָלד־מיין וואָלט געווען אין גאַנג,
און ווי רייך ער וואָלט געוואָרען;
אָבער ניט צופריעדען דערמיט איז ער,
האָט נאָך לוסט צו מעהר און מעהר,
זיין געדולד האָט ער פערלאָרען.

וואָס קען דאָס וואַרטען פאַר איהם טויגען,
ביז די היהנדעל וועט אויסלייגען
פאַר איהם אייער מיט אַ צאָהל ?
ער דיינקט אַז איהם בעסער בעצאָהלט,
פון די היהנדעל גאָר די גאָלד
אַרויסקריגען מיט אַ מאָל.

און מערדעריש צובוטשערט ער אויף שטיקלאַך
די הוהן, וואָס געמאַכט האָט איהם גליקליך,
און וואָס האָט ער דאָרט געקראָגען ?
געדערעם, קישקעס, אַ גאַנצע שיסעל,
און אויך דערפון אַ רעכטע ביסעל,
וואָס עס פאַסט ניט אַרויסזאָגען.

# די מאַנקי מיט די ברילען

אַ געוויסע מאַנקי, צו די עלטערע יאָהרען,
איז אויף די אויגען שוואַך געוואָרען.
און געהערט האָט זי ביי מענשען זאָגען :
אַז קיין גרויסער געפאַהר איז דאָ גאָר,
אַלץ וואָס מען בעדאַרף איז נאָר אַ פּאָר
ריכטיגע ברילען טראָגען.

דורך פיעל טראָבעל און גרויסע מיה,
אָם ענדע געקראָגען האָט זי
ברילען אַ גאַנצען האַלבען דוצען ;
איין פּאָר אויפ'ן עק טהוט זי אָן,
נאָך אַ פּאָר אויפ'ן קני אָנגעטהאָן,
דרייט אַהין, דרייט אַהער — דאָך אָהנע נוטצען.

„טפו !" — גיט זי אַ געשריי,
„ניט גיב איך אָן אויסגעבלאָזענע איי,
פאַר די סגולות פון די לייט ;
אָט געבליבען בין איך אַ נאַר,
און דאָס איז נאָר דערפאַר,
פאַר וואָס איך האָב איינע פון זיי געטרייט.

# דער העלפאַנט מיט דעם הינטעל

געפיהרט האָט מען אַן עלעפאַנט דורכ'ן סטריט,
פאַר דעם עולם צו בעוויז.
די חיה איז, ווער ווייס דאָס ניט,
דאָ ביי אונז אַ גרויסע נייעס.

נון, איז אַ גאַנצער קראוד בייזאַמען געקומען,
דיעזען וואונדער דאָ צו זעהען,
און פון וואַנען ס'האָט זיך ניט גענומען,
אַ קליינער הינטעל דערביי אויך געווען.

דערזעהענדיג דעם העלפאַנט, גלייך אויף איהם בילען,
און זיך וואַרפען און שפּרינגען,
און ליאַרמען, און קלינגען,
אונמעגליך איהם איינצושטילען.
עס ווייזט אוים ער וויל געהן מיט איהם אין פייט.
„זאָג מיר, מאָפּס", פרעגט איהם אַ הינטעל ביי דער זייט
„וואָס געהסטו טהאָן ?
אָדער ווילסטו דיינע כחות פערליערען ?
מיט דעם העלפאַנט הויבסטו אָן
אַ מלחמה צו פיהרען ?

זעה ווי דו כריפּעסט, שוין פערלאָרען דיין קול,
און ער געהט זיך ווי געוועזן, לאַנגזאַם, שטיל,
און דיין געבילל,
מאַך איך אַ וועט, בעמערקט ער גאָר ניט צו מאָל".

„אָט דאָס איז טאַקע וואָס איך וויל",
ענטפערט מאָפּס, „אַז דורך מיין ביללֿ,
אָהנע אַריינצוגעהן אין שטרייט,
קען מיין נאָמען קלינגען מיילען ווייט.
זאָגען וועט מען אין דער הינטעשער וועלט:
אַז מאָפּס איז געוועזן אין שטאַנד
צו ביללען אויף אַן העלפאַנט,
מסתמא איז ער אַ גרויסער העלד".

*  *  *

די צוויי-פיסיגע כלבים מיט זייער ביללֿ,
האָבען אויך דעם זעלבען ציעל,
ווי אונזער „מאָפּס" האָט געהאַט;
דער שמייסער אַברהם-מאָטיע,
מאַכט דעם רב ווי בלאָטע,
מען זאָל זאָגען: ער איז אַ כוואַט.

# קנאה

ווען ליכטיג, העלל, אין די הויז,
און פינסטער אויף דער סטריט,
קוקט ווער פון דרין אַרויס,
זעהן קען ער גאָר ניט.

אָבער דער וואָס דרויסען שטעהט,
האָט קיין שוועריגקייטען גאָר,
צו בעמערקען פון דער פינסטערנים,
וואָס אין דער ליכטיגקייט קומט פאָר.

ווען ביי אונז איז פינסטער גאָר,
פערדונקעלט דאָס שיקזאַל,
ווען דער טאָג ברייננט צרות נאָר,
און דאָס לעבען ביטער — גאַל.

דרינגט גלייך אונזער בליק,
אין ליכטיגקייט אַריין,
מיר זיינען מקנא יענעמס גליק,
און האָבען נאָך מעהר פיין.

אָבער אין פינסטערנים ווען מעגליך,
אַריינצוקוקען וואָלט געווען,
איז אונזער לאַגע אַזוי ניט קלעגליך,
ווייל ערגערע וואָלטען מיר דערזעהן . . .

# מכנים אורח

ברוך איז ביי טרייטלען צו גאַסט געקומען,
און זעהר פריינדליך האָט ער איהם אויפגענומען.
ער איז איהם מכבד מיט די שענסטע און בעסטע,
אַ טעלער נאָך אַ טעלער טהוט ער איהם שאַרען.
טרייטלען, ווייסט איהר, וועט קיינער נאַרען,
ער פערשטעהט שוין אויפצונעהמען געסטע.

„אַ פולען טאָפּ צימעס אויפ׳ן אויוון שטעהט
פאַר דיר, מיין פריינד, אָנגעגרייט.
עס, מיין ליעבער, זשאַלעווע ניט!
צימעס, זאָג איך דיר, אַ פראַכט,
פון היהנערשע שמאַלץ געמאַכט,
געזונדערהייט עס מיט אַפּעטיט!

געניס, מיין חבר, זאָלסט זיך ניט שעהמען,
פון קוגעל נאָך אַ שטיק צו נעהמען,
טויגעכץ האָסטו אויך ניט פיעל געהאַט;
נעהם אַ ביסעל פון די פּרוכט,
פון די קאַשע האָסטו נאָך ניט פערזוכט, —
עס, מיין פריינד, זיך אָן זאַט!״

אַזוי האָט טרייטעל ברוך'ן געטריט,
אָפּאַטהעמען לאָזט ער איהם ניט,
רוקט איהם אַלץ אונטער אַ שטיק נאָך אַ שטיק ;
און אונזער ברוך אונטערדעסען,
האָט שוין לאַנג צו פיעל געגעסען,
ס'קריכט איהם שוין פון האַלדז צוריק.

דאָך טרייטלען פליעזען דיינקט ער,
און אין זיך אַ טעלער מעהר,
מיט די לעצטע כחות אַריינגעקראָגען ;
„אָט אַזוי ביזסטו אָל-רייט !" —
טרייטעל מיט שמחה שרייט,
און האָט נאָך איינעם צוגעטראָגען.
נאָך אַ טעלער, מיין פריינד, עס,
פון דעם צימעס. און ניט פערגעס,
אַז דו טוסט מיר אַ גרויסע טובה.
און דער צימעס פּראָסט אין גאַסט געראָטען,
אפשר צוויי פונט צוקער אַריינגעשאָטען,
פּשוט ווי בוים־אויל פון איהם די גרייווע !".

דאָ ברוך צום טהיר שטעלט טריט,
ווי פון בייזע רוחות דורך איהר אַרויס,
פון דער צייט — זיין דוך קומט ניט
מעהר צו טרייטלען אַריין אין הויז.

# מוראַשקע

אַ מוראַשקע געפינט זיך אין מוראַווייניק,
גע׳שמ׳ט האָט זי פּאַר אַ גרויסען העלד,
אַ גבור, אַ מאַדים, אַ וואַהרער כל־בו׳ניק.
קען פראָסט, איבערקעהרען אַ וועלט.

זיינע לאַנדסלייט אויף איהם זאָגען:
(און אַ מאָל קען עס אויך טאַקע אמת זיין)
גאַנצע צוויי קאָרען האָט דאָס אַמאָל געטראָגען,
אויף זיך אין מוראַווייניק אַריין.

מיט אַ ווערימעל האָט זי געהאַט אַ פּייט,
און דער זיעגער איז זי געבליעבען,
זי האָט ערסט צוריק מיט אַ קורצע צייט,
אַ שפּין פון פלאַטץ פערטריעבען.

און דעריבער איז קיין וואונדער,
אַז איהר נאָמען האָט געקלונגען,
און פון מוראַווייניק יעדער בעזונדער,
האָט איהרע שבחים הויך געזונגען.

און אונזער מוראַשקע, ווען זי דערהערט
דעם עולם׳ס, וועגען איהר, מיין,

ווערט שטאָלץ ביי זיך, און קלעהרט,
אַז זי איז שוין גאָר די קווין אַליין.

קיין נאַרישקייט וואָלט געווען,
נאָך אַזוינע גרויסע זיעגען,
זיך אין שטאָדט לאָזען זעהן,
און אויך דאָרט כבוד קריגען.

און אויף אַ גרויסען וואָגען היי,
וואָס איז געפאָהרען אין שטאָדט,
אונזער העלדישער מוראַוויי,
אַ פרי־רייד געקראָגען האָט.

ער האָט אַפילו אויף אַ שעהנעם קבלת־פּנים געוואַרט,
דאָ ביי די שטאָדט־לייט צו געפינען,
אָבער, ווי ס׳ווייזט אויס, האָט ער זיך אָפּגענאַרט,
ניט ליעגט ער קיינעם גאָר אין זינען.

יעדער איז ביזי, אין ביזנעס פערטהאָן,
מען לויפט איהם פערביי הין און צוריק,
ניט קוקט קיינער אַפילו אָן,
ניט שיינקט קיינער אַפילו אַ בליק.

אויפ׳ן וואָגען אונזער גבור,
טרייט זיך דאָך צו אַדוועדטייזען,
אַ בלעטעל היי דרעהט זי אַריבער,
די לייטע איהרע גבורה ווייזען.

נאָר אַרויסגעוואָרפען איהרע מיה,
וואָס זי טהוט — ניט קימערט וועמען,
אונזער כבוד־זוכערקע מוראַשקע,
זעהר טיעף טהוט זיך גרעמען.

„אייערע שטאָדט־לייט טויגען אויף קלאָגען,
קיין מאַרך אין קאָפּ, די אויגען אַרוים",
די מוראַשקע פאַר אַ הונט וואָס שטעהט ביים וואָגען,
איהר ביטער האַרץ גיסט זי אויס.

„שוין אַ גאַנצע שעה,
ווי איך בין דאָ,
און קיינער האָט מיך נאָך ניט געזעהן,
און פון וואו איך קום,
אין גאַנצען מוראַוויניק אַרום,
ווי אַ בייזער שילינגער יעדער מיך קען!"...

# דין צדק

אַ שעפּס האָט מען צום דין געבראַכט,
אַלס רוצח פון היהנער אַ פּאָר,
דעם פוקס האָט מען אַלס דזשאָדזש געמאַכט,
און אויך אַלס פּראָקוראָר.

מען לייענט פאָר דעם פּראָטאָקאָל:
ווען מען האָט די טשיקענס נאָכגעזעהן,
פעהלען גראַדע צוויי צום צאָהל,
וויפיעל נעכטען זיינען געווען.

געזוכט אַרום האָט מען די היהנער,
אָבער לעבעדיג זיינען זיי שוין ניט מעהר,
אַלץ וואָס מען געפינט איז ביינער,
און פעדערען פון די הרוגים, וואָס דער
פרעכער גזלן האָט איבערגעלאָזען,
נאָכדעם, ווי די פלייש האָט ער אויפגעגעסען,
און קיינער חוץ דעם שעפּס איז אויפ'ן יאַרד געוועזען,
בעדאַרף מען ניט פערגעסען.

דעריבער בלתי־ספק, איז געווים
בעוויזען, ווי דער טאָג אַזוי קלאָהר.

אַז פון די קרבנות דער מערדער איז
קיין אַנדערער ווי דער שעפּס נאַר.

דער דעפענדענט לייקענט שטיין און ביין,
ווען דער מאָרד האָט געטראָפען,
האָט ער גאָר געשלאָפען,
איז פון דיעזען חטא ווי אַ מלאך ריין.
פיעלע עדות אויך שווערען:
צום ערסטען מאָל וואָס זיי הערען,
דאָס אַ שעפּס איז אַ גזילה בעגאַנגען,
אַגב, די גאַנצע וועלט וויים,
ער פערזוכט גאָר קיין פלייש,
צו וואָס זאָל ער טשיקענס פאַנגען?

דער דזשאָדזש פּסק'ענט: „איך נעהם אין אָנבעטראַכט
דער אָנגעקלאָגטער געווען איז יענע נאַכט
מיט די היהנער — און זייט וויסען!
טשיקען־פלייש איז זעהר אַ געשמאַקער ביסען,
דאַרויף קען איך עדות זאָגען אַליין.
טו וואָס העלפט דער טענה'ן אַ סך
עס איז אַזאַ אונמעגליכע זאַך,
ווען אַ נסיון קומט צום האַנד,
זאָל דער גרעסטער צדיק זיין אין שטאַנד,
בלייבען פון דיעזען חטא ריין.
„נפש תחת נפש" אין דער תורה שטעהט,
בעשטראָף דעריבער דעם רוצח מיט דעם טויט,
גראַדע, ווי די תורה האָט געוועלט,
און זיינע פלייש — מיר אַלם פסק־געלד!".

# צוריק פון מארק

זעהסט דאָרט די שוואַרצע קאַרעטקע,
עס שלעפּט זיך טריט ביי טריט,
ס'פאָהרט אין איהר אַ פּאַסאַזשיר,
וואָס איילט זיך שוין מעהר ניט.

ניט שרעקט ער זיך, ניט אַרט עס איהם,
ניט ליעגט עס איהם אין זינען,
טאָמער קאָנקורענטען וועט
ער שוין דאָרט געפינען.

און פערזאַמט ער אין גאַנצען גאָר,
קימערט איהם אויך ניט שטאַרק,
ניט זוכט ער קיין ביזנעס מעהר,
ער פאָהרט שוין צוריק פון מאַרק !

# דער לייב און די מויז

ביים מעכטיגען לייב האָט די קליינע מויז,
אַ שטיקעל פלאַטץ געבעטען אין הויז.
פראַקטיש האָט זי צו איהם גערעדט:
„דו ביזסט טאַקע שטאַרק, דו ביזסט טאַקע גרויס,
היינט ביזסטו אינדעפּענדענט, דאָך קיינער ווייס,
וואָס אונז דער מאָרגען ברייגנגען וועט!

איך בין טאַקע קליין, איך בין טאַקע שוואַך,
דאָך פּאַסירען קען אַ מאָל אַ זאַך,
זאָלסט נוטצען אין מיר געפינען,
ס׳קען נאָך אַ מאָל זיין מעגליך מיר,
פאַר דיינע גוטסקייט און גנאַדע, דיר
מיט דאַנקבאַרקייט אָפּצודיענען״.

„דו? !״ — גיט דער לייב אַ געשריי — „עלענדע בעשאַף
וואָס האָסטו ביי מיר פאַר אַ בעטראַף?
מאַרש פון דאַנען, ווי מעגליך נאָר שנעל!
פאַר דיינע חוצפה׳דיגע רייד,
האָסטו פערדיענט דעם טויט!
גער! זאָג איך, ס׳ווערט פון דיר אַ תל!״.

די אָרעמע מייזעלע פון שרעק
איז אַוועק
וואו די אויגען האָבען געטראָגען,
גלייך נאָך דעם, דער מלך אליין,
לאָזט זיך אין וואַלד געהן,
פאַר אַנפּיללען דעם מאָגען.

און אַ גרויסער אונגליק טרעפט דעם העלד,
גרעסער קען שוין גאָר ניט זיין,
אין אַ נעטץ, ביי יעגערס אַנגעשטעלט,
איז ער אונגעריכט אַריין.

זיין וואַרפען און רייסען זיך אַ שרעק,
געפעהרליך מוראָ׳דיג געווען זיין ברום,
ריהרען קען ער זיך ניט פון פלעק,
אין אַ שטייג דעם יחסן פיהרט מען איצט אַרום.

און אין זיין גלות ער זיך דערמאָהנט,
אַז די קליינע מייזעל האָט לייכט געקאָנט
דעם נעטץ צוגריזשעט האָבען.
און אַז פראַקטיש האָט זי צו איהם גערעדט:
„ס׳קען קומען אַ צייט, אַז ער זי בעדאַרפען וועט",
זיין שטאָלץ האָט איהם בעגראָבען.

# דעם מחבר'ס פסק

פאַר בית דין של מעלה אין דער אמת'ר וועלט
האָבען זיך צוויי צו משפּט געשטעלט,
גראָד אין איין צייט איז זייער טרייעל פאָרגעקומען;
איינער אַ מערדער, אַ געפעהרליכע בריאה,
געענדיגט זיין לעבען האָט ער אויף דער תליה,
דער תליון האָט זיין נשמה גענומען.

דער צווייטער געוועזן איז אַ בעריהמטער פּערפאַסער,
פון יענע, וואָס וואַרפען גיפט אין וואַסער
און גיבען דאָס מענשען צו טרינקען;
זיין מאָטטאָ איז געוועזן צו פערשפרייטען גענוס,
פון געוויסענלאָזע געוואַלדהייט און אַבשייליכע זנות,
פון וואָס די לעזער נידריג פלעגען זינקען.

דאָרט אויבען אין קאָרט ווערט קיין צייט פערלאָרען,
אויגענבליקליך די ווערדיקטס זיינען פערטיג געוואָרען,
דער בית דין שמש גיט גלייך אַ געשריי:
„צוויי אייזערנע קעסלען זאָל מען ברייגגען,
אויף לאַנגע קייטען די זעלבע אויפהייגגען.
און די פער'משפּט'ע אַריינטאָן אין זיי.
און אונטער די קעסלען מאַכען אַ פייער

און זאָלען די פערברעכער בעצאָהלען טהייער,
זאָלען זיי ברעננען די זינדער;
זאָלען זיי וויסען, ווי לאַנג דער הימעל וועט לעבען,
וועט אויף קיין פאַל ווערען פערגעבען
פאַר טאָן שלעכטס צו מענשען־קינדער.

אונטער דעם מערדערס קעסעל האָט מען געהייסען
דעם פייער מאַכען זעהר אַ גרויסען,
אַזוי גרויס ווי זיי נאָר קענען;
אָבער אונטער דעם קעסעל פון דעם צווייטען,
זאָל מען דעם פייער גאַנץ וועניג צו גרייטען,
קוים, קוים וואָס עס זאָל ברעננען.

פערפלאָסען זיינען נאָכדעם יאָהרען און יאָהרען
ביין מערדער די פלאַמען שוין פערלאָשען געוואָרען,
ווערהענד ביים פערפאַסער אין איין ברענען האַלט;
מיט יעדען טאָג, מיט יעדע שעה,
יסורים מעהר אַלץ זיינען דאָ
אַם ענדע געהט ער אַרויס מיט אַ געוואַלד

אָ געמזער! וואו איז אייער גערעכטיגקייט?
פאַר וואָס מוטשעט איהר מיך אַזאַ לאַנגע צייט,
זיינען מיינע זינדע דען אַזוי שווער?
זיך אויסגעלייטערט האָט זיך אַפילו שוין מיין שכן,
וואָס מיט בלוט פערגיסען האָט ער פערבראָכען,
בין איך דען אַ גרעסערער פערברעכער ווי ער?

„יעס, דו ביסט” לאָזט זיך אַ בת קול הערען.
„איך וועל עס דיר באַלד ערקלעהרען
און אַנערקענען וועסטו עס אַליין;
לויט נאָך דיין פערברעכען,
ווי איך רעכען
איז די גרעסטע שטראָף פאַר דיר צו קליין.

„מיט דיין שכן ווילסט דו דיך פערגלייכען? נאָ סער!
געגען דיר אַ גרויסער צדיק איז ער,
שעדליך אַ מערדער איז נאָר ביי זיין לעבען,
אָבער נאָך זיין טויט,
אַ יעדער לייכט פערשטעהט
איז זיינע רשעות אויפגעגעבען

צו דיינע רשעות אָבער, בעטראַכט,
האָט דיין מיתה קיין סוף געמאַכט,
אָהן אַן ענד זיינען זיי גראַדע, ווי דער תהום;
אין דיינע ביכער, וואָס דו האָסט געשריבען
איז טויט און פערברעכען געבליבען,
עס ממית'ט נפשות עד היום.

גיב אַ קוק אויף די געפעהרליכע באַנדע,
וואָס מאַכען אַ לעבען פון שמוץ און שאַנדע,
דורך לאַכען פון גאָטהייט און פערשפּאָטען געזעץ;
דו ווייסט פון זיי דעם ביטערען סוף,
די שרעקליכע תליה וועט זיין זייער שטראָף,
ווען זיי ווערען פערפּלאָנטערט אין גערעכטיגקייטס נעץ.

בעמערק יענע ברואים, וואָס אויף אַ שמוציגען אופן
צו יעדען נבזה זייערע קערפּערס פּערקויפען,
ווייל דורך „פרייע ליעבע" אַ היתר זיי האָבען;
זעה ווי דאָס טהוט זיי פער'סמ'ען,
זייער נשמה מיט דעם גוף צוזאַמען
ווערען אין פריהסטען יוגענד בעגראָבען.

דאָס זיינען אַלע דיינע קרבנות,
וואָס האָבען גענאָסען די גיפטיגע מתנות,
פאַבריצירט פון דיין שעדליכען פען;
דאָס זיינען די אונגליקליכע וואָס האָבען פערזוכט
פון דעם בוים די פערגיפטעטע פרוכט,
פון וועלכען דער פלאַנצער ביסטו געווען.

און ברענען וועסטו אַזוי לאַנג,
ביז קומען וועט אַ אונטערגאַנג
ביז קיין זכר וועט מעהר בלייבען;
פון די שמוציגע אבשייליכע זנות,
פון די פון געזעץ־פערבאָטענע גענוס,
וואָס האָט אָנגעמאַכט דיין שרייבען".

# קאַנטרי פּעדלערס

אין חכם כבעל נסיון.

אין קאַנטרי איז מיין משא ומתן,
פּעדלען איז מיין פּראָפעסיאָן;
בעפאָר איך קום צו די בעלי בתים
מוז איך האָבען מיט הינט צו טאָן.

און קריצען די כלבים מיט די ציינער,
דערזעהענדיג מיך, אַ מורא,
ס'ווייזט אוים, פון זיי, פערגינט מיר קיינער,
וואָס איך פערמאָג אַ ביסעל סחורה...

און שטעל איך נאָר צום הויז אַ טריט,
מיט אַ געוואַלד זיי נעהמען זיך רייסען
און קימערט מיר זייער ביללען ניט,
זיי קענען אָבער אַ מאָהל נאָך בייסען.

איך גיב אַ וואָרף אַ שטיין מיט כח,
די הינד זיי זיינען צולאָפּען;
דאָך איינער דאָרט קאַוואוצעט הויך
דער שטיין האָט איהם געטראָפען....

# אל תירא עבדי יעקב

ווילסט דו, מיין קינד, מיט דעם אמת לעבען,
אָהנע קונצען צו וואהרהייט שטרעבען,
און אויך טהאָן ווי ס'פערלאַנגט
דיין רעכטדענקענדער פערשטאַנד,
וואָס איז אַ טהייל פון, מיר גאָט, אַליין.
דאַן קיין מוטה ניט פערליער;
כאָטש די מאַססע איז אַנטקעגען דיר,
כאָטש די בעסטיעס וועלען דיר האַסען,
און די „חכמים" פון דיר שפּאַסען,
כאָטש ביסט עלענד אַזוי ווי אַ שטיין.

„אמת" איז מיין אונטערשריפט,
„שכל" די בוימאויל וואָס עס טריפט,
פון מיין ליכטיגער מנורה;
און האָסטו די אַרטיקלען צוויי,
ניט שרעק דו דיך פאַר זיי,
פאַר קיינעם האָב קֵיין מורא.

# וואָס גליק איז

גערטראָפּען האָט אַ שלעכטע סיבה
אין קעניג'ס הויף דורך גאָט'ס צאָרען
די בת־יחידה פון דעם קיסר
פּלוצלונג איז קראַנק געוואָרען.

איבערען לאַנד ווערט אַ מהומה
פאַר די קראַנקע טרייט מען עפּעס טהאָן;
מיט תפילות און סגולות זיך פערנעהמען די פרומע,
די רופאים מיט זייער פראָפעסיאָן.

נור אומזיסט זיינען די תחבולות,
גאָר קיין פעולה קומט אונטערדעסען;
ניט די רפואות און ניט די סגולות
קענען העלפען די פּרינצעסען.

דאָ צום קעניג זיך איינער ווענדט,
אַ חכם אַ למדן אין פּולען זינען;
„אדוני מלך! איך וואָלט געקענט
פאַר די קראַנקע אַ רפואה געפינען.
מען זאָל קריגען די העמד פון אַ פערזאָן,
וואָס מיט אַן עהרליכען געוויסען זאָגען קאָן:

מיט זיין לעבען פאָלקאָם צופרידען איז ער;
פיהלט ניט אונמוטהיג, וויים ניט פון קיין נויטה,
שטענדיג ער לעבט אין גליק און אין פרייד,
וואָס ער האָט איז גענוג, וויל קיין זאַך מעהר.

און אַז די העמד פון דיזען פרעמדען פערזאָן
וועט מען אויף דיין קראַנקע טאָכטער טהאָן,
שטעהט זי אויף גלייך פון איהר בעט;
אַלזאָ קעניג, מוזט דיר קליגען!
אַזאַ העמד אַם שנעלסטען קריגען
ס'קען נאָך אַ מאָהל ווערען שפעט".

גלייך דער מלך שיקט אוים שלוחים,
אַזאַ מענשען אַרום צו זוכען,
זיין העמד ביי איהם צו קריגען;
ס'איז די איינציגע וואָס ער קאָן
פיר זיין געליבטע טאָכטער טהאָן,
איהר קראַנקהייט צו בעזיגען.

נון, לאָזען זיך די שלוחים אַוועק
אויף אַ וויטען לאַנגען וועג,
איבער דעם גאַנצען קעניג'ס לאַנד;
זיי זוכען אומעטום,
ווי מיט ליכט אַרום
דאָך זיינען זיי ניט אין שטאַנד
כאָטש איין איינציגען צו געפינען,
וואָס קיין דאגה'ס האָט אין זינען,

און אימער איז ביי'ן מוטה :
איינעם אַ ביסעל ביזנעם פעהלט,
דער צווייטער ניט גענוג האָט געלד,
דעם דריטען געהט גלאַט ניט גוט.

און אַפילו דער מיליאָנער,
ז'איך אויף צרות, וויילע מעהר
פון איהם פערמאָגט זיין שכן ;
און גראַד, ווי ביי'ן אָרעמאַן,
איז ביי איהם זאָרג פאַראַן,
אויך זיין מוטה איז געבראָכען.

און ווען שוין געענדיגט די פראַגע פון געלד,
אַנדערע טראָבעל הייבען זיך אָן !
קורץ, ניט צו געפינען אויף דער וועלט,
איין אמת גליקליכע פערזאָן.

אונמוטהיג ווערען די שלוחים,
ניט האָט געהאָלפען זייער זוכען,
ניטאָ מעהר וואָס צו האָפען ;
נור שאַט ! אויף זייער וועג צוריק,
געהאַט זיי מעהר האָבען גליק,
זיי האָבען איינעם דאָך געטראָפען.

ס'איז אַ מאַן מיט אַ ליכטיג מלאך־פנים,
פון וועלקען, קנייטשען — קיינע סימנים,
אַ גן־עדן איז זיין בליק ;

פול מיט ליעבע, פריי פון קנאה,
און אויסגעגאָסען אין זיין מינע
איז צופריעדענהייט און גליק.

און פרעהליך, לוסטיג אין זיין דירה,
היימליך שטענדיג זינגט ער שירה,
בעגלייטעט מיט זיין האַרף;
„צופריעדען, גליקליך איז מיין לעבען,
וואָס דו, בורא, האָסט מיר געגעבען,
כ'האָב אַלץ וואָס איך בעדאַרף!".

ווי די מענער די ווערטער הערען,
מלא שמחה גלייך זיי ווערען,
ניט וועלען זיי פון איהם אָפּטרעטען.
„ליעבער מאַן, דיין העמד מוזסטו געבען!
און דערמיט די פּרינצעסינ'ס לעבען
פון גרוב וועסטו זיכער רעטען!".

„צו העלפען יענעם בין איך גערן,
ביי מיין עהרע קען איך שווערען,
מיינע ליעבע גוטע לייט!
דאָך קען איך דאָס ניט טהאָן,
ווייל קיין העמד האָב איך ניט אָן
פון אַ לאַנגע, לאַנגע צייט..." —

# וועלט-פֿערשלינגער

אַ פערברענטער סאָציאַליסט איז מייקעל דער רופא,
פון „בעוועגונג" הערט מען איהם אַלץ ריידען:
אייגענטהום איז גנבה, און קאַפּיטאַל — טריפה,
ווי די פעסט האַסט ער זיי ביידען.

און פערדאַמט ער משה'ן מיט די תורה זיינע,
פון קאַפּיטאַליזם איז עס דער קוואַל,
„מיינע איז מיינע, און דיינע איז מיינע" —
איז מייקעל'ס יושר און אידעאַל.

מיט גאָט אַליין איז ער אַלץ אין פייט,
מאַכט אין לונג איהם אַ פעהלער אָן,
ער הערט אין טראָק און מזה'ט אויף ספּייט
עבירות, וואָס מען טאָר ניט טהאָן.

נור נאָך מעהר איז ער פייער־פלאַם
אויף דעם חזן און אויף דעם רב;
צו יעדער צייט מיט אַ פּאָרציע סם
פון זיי ביידען מאַכט ער אַ סוף.

אַט די וואַמפּירען, אַט די צוויי,
זויגען איהם אוים זיין בלוט;
און ווילט איהר וויסען ווי אַזוי —
דערצעהלט אַייך מייקעל קורץ און גוט.

„יעדען איינעם איז עס קלאָהר,
מיין שפּרינצע איז קיין עקרה,
יעדען יאָהר און יעדען יאָהר
קומט אַ בייבי — אָהן אַן עין־הרע.

דאַן לייגען די רויבערס אויף מיר די הענד
מיט זייערע זיעבען זאַכען;
„שיר־המעלות׳ן" אויף די ווענט,
און שפּרינצע׳ן „מי־שברך" מאַכען.

דאָ טרענען זיי מיר יעדען אָדער,
רייסען די פעלל פון מיר:
פאַר אַ „מי־שברך" אַ גאַנצען קוואָדער,
און אַ דאַים פאַר פּאַפּיער"...

# רעפאָרם

ווען אונזער קערפער קריגט אַ מכה,
עס פאַדערט אַן אָפּעראַציאָן,
דעם וואונד מוז מען שניידען טאַקע,
אָבער אַ דאָקטאָר מוז עס טהאָן.

דער גוטער סוירזשען וועט פערשטעהן,
וואו קראַנק איז און וואו געזונד,
און וועהרענד די געזונדטע לאָזט ער געהן,
פערטיליגט ער דעם וואונד.

אָבער זאָל אַ אָקס דעם וואונד
אָפּערירען מיט זיין האָרן,
אַ חורבן ! דאָרט זיך גאָר געשווינד
וואָלט פון גאַנצען גוף געוואָרען.
קיין געפאַהר אַז אַ געלעהרטער איד
„אידישקייט" וויל קריטיקירען,
ער וויים פון איהר יעדען גליעד,
קיין געזונדטען וועט ער בעריהרען.

אָבער אז ס'נעהמען זיך די בורים אָן
אונזערע פעהלערען פערריכטען,
פון אָקסען קומט די אָפּעראַציאָן,
זיי וועלען עס גאַנץ פערניכטען.

# ניט־פערגינער

אַ מאָדנע קריינק איז ביי אונז פאַראַן,
דאָס איז אמת, מען מעג עס זאָגען:
ווי אויף דעם „מי ימות" מעהר און מעהר
אויפ'ן „מי יחיה" טהוען מיר קלאָגען.

ברוך איז טרייטל'ען אַ דם־שונא.
פרעגט: וואָס האָט ער איהם געטהאָן?
טרייטעל, דאַכט זיך, איז אַ מענש,
וואָס ריהרט קיינעם גאָר ניט אָן.

קיינמאָל ברוך'ן ניט בעליידיגט,
ניט מיט ווערטער, ניט מיט טהאַט,
און האָט כמעט אויף זיין לעבען
מיט איהם קיין ביזנעס ניט געהאַט.

דאָך האָט ברוך צו איהם טענות,
און קען איהם קיינמאָל פערגעבען,
סטייטש, טרייטעל, ווי אונטערשטעהסט דיך,
מאַכען אַזוי לייכט אַ לעבען?!

געזעהען אַ העזה פון אַ אידען,
ניט צו ליידען קיין דחקות גאָר,
האָט מזומן פלענטי ליעגען
און נאָך הייזקעס דערצו אַ פּאָר! —

אַזאַ פּאַרך זאָל גאָר ניט וויסען,
ניט פון לייהען, ניט פון באָרגען,
צו וואָס עפּעס אַ פּעקעל קלייבען
זיך אויף דער עלטער צו פערזאָרגען?!

און אָט דערפאַר האַסט איהם ברוך,
און אין האַרצען איז ער גערן,
אַז זעהן זאָל ער נאָך זיין זוכה,
ווי טרייטעל ועט אַ קבצן ווערען.

צו איהם קומען זאָל ער אַ מאָל,
שטעהן ביי'ן טיהר, אַ נדבה שנאָרען,
און נור דאַן וואָלט ער איהם
אַ גוטער פריינד צוריק געוואָרען.

דער זעלבער ברוך האָט אויך תרעומות
אויף משה־גימפּעל, זיין נאָהענטען שכן:
„משה־גימפּעל — שרייט ר' ברוך, —
איז אין שערי־טומאה טיעף פערקראָכען!

זוכט קיין מצוות, דער גוי גמור,
פון אידישע האַלט ער גאָר ניט זאַכען,

געוואַלד, געוואַלד, ווי וועט אַזוינער
אין עולם־הבא אַ לעבען מאַכען ? —

פאַרוואָס זאָל אַ איד גאָר ניט זאָרגען,
אויף שפּעטער אַ ביסעל אָנצוקלייבען,
די ביסעל יאָהרען אַוועק לויפען,
און ביי וואָס וועט ער בלייבען ?

פון די גוטע זאַכען ניט אַ שמעק,
וואָס פּאָר צדיקים אָנגעגרייט,
וועט דער אַפּיקורס משה גימפּעל,
געניסען עטוואָס נאָך זיין טויט !".

* * *

ניט גלויב איך דיר, ברודער ברוך, מעהר,
דיין נאַטור האָב איך שוין אויסגעפונען,
זאָל דאָרט טאַקע עטוואָס גוטעס זיין,
וואָלסטו אַ אידען ניט פערגונען !....

# דער בעל צדקה

מתן בסתר יכפה אף.

געווען ביי אונז אין שטעדטיל אַ גרויסער גביר,
פאַר אַ בעל־צדקה ער שם'ט מיילען ווייט,
זיינע נדבות זיינען גאָר אָהן אַ שיעור,
אויף קהל'שע הצטרכות צו יעדער צייט.

וואו נאָר אַ דבר מצוה, די ערסטע זיין
נדבה האָט קיין מאָל געפעהלט ;
אַ שבת, אַ יום־טוב, ווען אין שוהל קומט אריין,
פלעגט ער, פשוט, שיטען מיט געלט.

פאַר אַן עליה בעצאָהלט ער גאַנץ טהייער,
צופריעדען אויך בלייבען די כלי-קודש-מענער ;
דער חזן קריגט אַ פינפער, דער שמש — אַ דרייער,
און דער רב אַליין — אַ גאַנצען צעהנער.

ח"י קערבלאַך אויף ירושלים,
אַ צוואַנציגער פיר תלמוד-תורה,
פינף און צוואַנציג אויף אַ פרוכת אַ נייעם,
צוויי מאָל אַזוי פיעל פאַר אַ מקוה כשרה.

און נאָך און נאָך נדבות פליהט
פון אונזער נדבן, וועלכער שיט,
פשוט, מיט ממון קרח ;
און יעדע נדבה בעזונדער ס'קלינגט,
און דער חזן איהם שעהן בעזינגט,
מיט אַ געדריידעלטען מי-שברך.

און ניט דוקא נור אין שוהל,
אויך אין צרכי-צבור איז ער פול
מיט זיינע צדקות אָהן אַ צאָהל ;
ער פערזאָרגט די גאַנצע שטאָדט
מיט אַ הקדש און מיט אַ באָד,
און אויך מיט אַ שפיטאָל.

זיינע מעשים דעריבער ווערט אין ציימונג געשריבען
און, געוועהנליך, נאָך אַ ביסעל איבערטריבען,
און אַז עס לייענט דאָס אונזער גביר, —
אויף זיין פנים ווייזט זיך אַ שמייכעל,
רייבט די הענט, און פאַטשט דאָס בייכעל,
און איבער דער וואָנצע גיט ער זיך אַ שמיר.

און וואָס מעהר זיין צדקה האָט געקלונגען,
וואָס מעהר שבחים מען האָט איהם געזונגען,
זיך צו אַדווערטייזען קריגט ער מעהר לוסט ;
דאָך האָט ער קיינמאָל געעפענט די הענט,
צו העלפען אַ געדריקטען אפילו מיט איין סענט,
ווען די וועלט האָט דערפון ניט געוואוסט.

פון שטילע צדקה, אָדער מתן בסתר,
האָלט ניט פיעל אונזער נדבן, דער עושר,
אויף אַזעלכע נאַרישקייט וואַרפט ער קיין געלט
אַוועק ;
ס'איז אַ חתונה אָהן כלי-זמרים,
אָדער אַ ביזנעס צווישען קברים,
ניט קיין רווחים, אויך קיין כבוד אַ לעק.

נאָר אַן אויסנאַהם האָט אַ מאָל פּאַסירט,
אונזער גביר האָט צופעליג שפּאַציערט
איינער אַליין, פון זיין הויז גאַנץ ווייט,
אין דער נאַכבאַרשאַפט פון יענע לייט,
ביי וועמען דער דלות טוהט פערוואַלטען ;
און אין איין הייזעל, דורך אַן אָפענע טיהר,
אַ יונגע מאַמען מיט קינדער פיער,
האָט ער געפונען אין גרויסען נויטה,
ניטאָ, פשוט, אַ שטיקעל ברויט,
דעם לעבען צו דערהאַלטען.

דאָ, דעם ערסטען מאָל אויף זיין לעבען,
האָט אונזער נדבן אַ צופּ געגעבען,
אַ רחמנות-געפיהל אין זיין ברוסט ;
און, יוצא-זיין פאַר זיין געוויסען,
אָהנע כבוד דערביי צו געניסען,
האָט ער געקראָגען לוסט.

די הונגעריגע צו מאַכען זאַט,
איז געוועזן זיין ערסטע טהאַט,

האַסטיג ער ביי'ם בעקער לויפט,
פינף ברויט מיט אַ מאָל ער קויפט,
פאַר די הונגעריגע זאַט צו עסען;
דאָס איז די איינציגע צדקה ביי איהם געטאָן,
וואָס די וועלט רעדט ניט דערפון,
און די פּייפּערס שרייבען ניט,
און קיין זכרונות בלייבען ניט, —
ס'איז פערגעבען און פערגעסען.

ויהי היום, דער טאָג איז געקומען,
גאָט האָט אונזער צדיק צו זיך גענומען.
געהאַט האָט ער אַ לויה, אויף אַלע זיינע חברים געזאָגט,
אפשר צוואַנציג רעדנערס האָבען איהם בעקלאָגט
און רעדנער אַזעלכע, וואָס טויגען טאַקע אויף קלאָגען;
„אַ קליינינגקייט אַ בעל צדקה, פשוט חד בדרא,
זייגע פרומקייט און אידישקייט גאָר אַ מורא,
אַ צדיק אַן עכטער אין אַלע זיינע דרכים".
און נאָך הונדערטער אַזעלכע שבחים
שרייבען זיי אויף זיין פּאַס אין הימעל צו טראָגען.

נאָר די פמליא של מעלה דאָרטען
קוקט ניט אויף אַזעלכע פּאַספּאָרטען,
דער מלאך הדומה גלייך דער זעהט עס
אויף דעם פּאַס די פאַלשע פּרימעטעס
און נעהמט אַלס בראָדיאַגע איהם אָן;
ער פערשפּאַרט איהם אָהן בייל,
אין די גיהנם'שע דזשייל,

ביז ער קריגט אַ רעפּאָרט
פון די הימעל'שע קאָרט
מיט אַזיינעם וואָס ער זאָל טאָן.

און דעריבער דער גביר פּנים אל פּנים
קומט זיך שטעלען בעפאָר די דיינים
זיין פּאַספּאָרט גוט צו הייסען;
און גוטע סניגורים,
אויך שלעכטע קטיגורים,
קומען זאָגען וואָס זיי ווייסען.

די טענה'ן אַזוי,, די אַנדערע — פערקעהרט;
פון זייביידען קיין טאָלק ניט ווערט.
אַן אָרדער אַם ענדע גיט דאָס געריכט,
אַז מען זאָל דעם נפטר'ס חטאים,
זיינע עונות זיינע פּשעים
אַרויפלייגען אויף איין געוויכט.
אויף דער צווייטער די מצות אַנטקעגען
און נאָך דעם ווי מען וועט זיי וועגען
וועט בעשטימען קענען די קאָרט;
פאַר דעם בעל דין זיין ריכטיגען אָרט.

פון זיינע עבירות האָט מען אָנגעהויבען
און געהאַט האָט ער, איהר מעגט מיר גלויבען
אַ סך, אַ סך גאָר אָהן אַ צאָהל;
איך קען אייך בנאמנות זאָגען:
אַז מען האָט עס קוים אַרויפגעקראָגען

אויף דעם גרויסען קהל'שען שאָלל.
דער באַלאַנס פון דעם שווערען דריק
האָט זיך שנעל אַראָפּגעצויגען,
אָבער ניש'קשה — אויפהויבען וועט זיך צוריק,
ווען אַרויף מען וועט די מצוות לייגען.

און שאַט אָט ברענגט מען גאַנצע זעק
גרוים און אָנגעשטאָפּט ביז פול
מיט נדרים נדבות גאַנצע פּעק
פאַר די כלי קודש און אויפ'ן שוהל.
מיט די מי שברך'ס און עליות,
מיט אתה הראית'ס און חתן תורה,
מיט פּתיחות פּראָסטע און פּתיחות נעילות,
און נאָך און נאָך אַזעלכע סחורה.
מען פּאַקט עס באַלד אויפ'ן שאָל דאָרט —
נאָר אַ צרה — עס ריהרט זיך ניט פון אָרט.

נור נאָך קיין געפאַהר, מיר האָבען מעהר !
אָט בריינגען מלאכים אַ פּרוכת אַהער,
און אָט דאָרטען ספרי-תורה שוועבען,
און דאָ פליהען די הונדערטע ליכט ;
דאָס האָט דער בעל-צדקה צום שוהל געגעבען,
און דאָס קומט אַלץ אויף דער געוויכט.
נאָר — אַ נעכטיגער טאָג, ניט ווירקט עס גאָר,
ניט בעוועגט די עבירות אויף אַ האָר !

דער סניגור דאָך פערליערט קיין מוטה,
ער לאָזט וויסען די דיינים:
האָבען די מטלטלין ניט געטהאָן גוט,
ברייגנט ער גלייך גאַנצע בנינים.
און ווי ער האָט די ווערטער אַרויסגעזאָגט,
אַ מלאך אויף זיינע פליגלען טראָגט
אַלע בנינים, וואָס דער גביר האָט
אויסגעבויט אין זיין שטאָדט:
די גרויסע שוהל מיט דעם האָספּיטאָל,
דעם הקדש מיט דער תלמוד-תורה,
דעם מושב-זקנים מיט דער מקוה כשרה,
פון דער באָד דעם נייעם דאָך,
און קערפּול יעדע זאַך
ווערט אַרויפגעלייגט אויף דער שאָל.
נאָר — אוי ווער! דאָס זעלבע וואָס פריהער,
דער באַלאַנס גיט זיך ניט קיין ריהר,
פּשוט ווי צום אָרט צוגעשמידט!
קיין געוויכט האָבען די צדקות ניט
די וואָג פון די עבירות צו בעריהרען.
פרעהליך ווערט דער קטיגור,
אונמוטהיג, מוטהלאָז — דער סניגור!
דער בעל-דין אַליין
פּלאַצט אוים מיט אַ געוויין, —
ס'האַלט דעם משפט ביי'ם פערליערען!

נור דאָ פּלוצלונג, אַ יונג מלאך׳ל אויף זיינע ריינע
פליעגעלאַך טראָגט פינף ברויטלאַך קליינע,
צום מצוות-געוויכט צו דערלייגען ;
און ווי נאָר די ברויטלאַך אויפ׳ן שאָל זיינען געקומען,
האָט דער באַלאַנס ציטערען גענומען,
און די מצוות-געוויכט אַרונטערגעבויגען !

# אַמעריקאַנער ראש העדה

זעהט איהר אויבען-אָן דאָרט שטעהן,
מיט דער בלאַנקער מאָרדע און פליכער קאָפּ ?
בכבודו ובעצמו, דאָס איז עֶר אליין,
דער ראש-העדה טשאַלענטאָפּ !

ניט מעשים טובים און ניט קיין תורה
האָט איהם אַזוי הויך דערהויבען ;
ניטאָ ביי איהם אַזעלכע סחורה,
אויף נאמנות מעגט איהר גלויבען.

פון בילדונג איז ער מיילען ווייט,
אין אַלגעמיין — אַ בור אַ גרויסער,
האָט אַ געפיהל אין אידישקייט,
ווי אַ קאָזאַק האָט אין יושר.

און דיינקט איהר, אַז ער איז אַ מאַן פון עהרע,
האָט איהר, מיין פריינד, אַ גרויסען טעות !
די הונדערטער, וואָס ער פערמאָגט, די שווערע,
זיינען דורך גנבות און דורך רמאות.

ווִיפיעל מאָל האָט ער געבּרענט,
און וויפיעל מאָל האָט ער געבּראָכען,
וויפיעל מאָל זיינען זיינע לאַנגע הענט
אין אַ פרעמדען פּאַקעט אַריינגעקראָכען.

איז ביי אונז אין קאָורט פערשריעבען
אויף זיין רעקאָרד שוואַרץ ווי נאַכט ;
פון גזילה איז דאָס איהם געבליעבען,
פון בעטרוג האָט ער זיין געלט געמאַכט.

און אין רעליגיאָנס-אינטערעסען,
איז ער אויך דער גרעסטער באָס ;
בשר קוויטש פלעגט ער פרעסען,
איז אַ מחלל-שבת עד היום.

דאָך די חוצפה דיענט איהם אומעטום,
אַ איד ווערט ער מיט אַלע מעלות :
אַ למדן, אַ משכיל, גוט און פרום,
און ניט פרעגט מען מעהר קיין שאַלות.

ביי אַלע אַסיפות איז ער פול,
ווי ביי מענער אַזוי ביי ליידיעס ;
דער „פנים ואחור" אין דער שוהל,
דער משגיח אויף די כלי-קודש.

דער שוחט כבוד גיט איהם אָפּ,
דער בוטשער איז זיין שלייף ;

און פערוועלט זיך מיסטער טשאָלענטאָפּ,
מאַכט ער זיי ביידען טריף.

און די מלמדים, און דער רב,
לעבען אין איין מורא ;
אַז עס ווערט פון זיי אַ סוף,
ווען אונצופריעדען מיט זייער תורה —

ווערט דער ברודער פרעזידענט,
דער גרויסער, גרויסער פּעטוך,
וואָס האָט אויף זיין לעבען ניט געקענט
אַ ברכה מאַכען אויף אַ רעטאַך.

* * *

יעס, פון אידישקייט דער גאַנצער מאַכער,
ווערט ביי אונז אַ זאַ מין טשאָלענטאָפּ ;
און די נשיאות פּאַסט איהם ווי אַ דבר־אחר
אַ גאָלדען קרוין אויף׳ן קאָפּ !

# קהל'שער באָק

ביי אונז אין קהלה, געדענק איך,
האָט פון קדמונים געוואַלגערט זיך
מיט גרויסע הערנער דער באָק פון שטאָדט;
איבעראַל איז ער געווען פול,
אי אין הקדש, אי אין שוהל,
אי אויפ'ן מאַרק, אי אין באָד.

אין דער אמת'ן ווייס איך ניט אַפילו,
צו וואָס בעדאַרפט האָט איהם די קהלה,
אויף וועלכע צרות, אויף וועלכע קלאָגען,
סיידען אפשר אַ זכר צו יענע בעק,
וואָס פלעגען יום-כפור גאַנצע פעק
אידישע חטאים אין עזאזל טראָגען.
אַזוי צי אַזוי, ס'איז קיין גערײדע,
בעלאַנגט האָט ער צו דער עדה,
און האָט געהייסען: דער קהל'שער באָק;
און פיר זיין לאַנגע דיענסט, אַלס מעדאַליאָן,
האָט איהם די קהלה אָנגעטהאָן
אויפ'ן האַלדז אַ גרויסען גלאָק.

עס שטאָלצירט מיט דער מתנה, דער קהל׳שער מאַכער,
ווי מיט די „מפרסת פרסה״ אַ דבר-אַחר,
אַ קליינינקייט — פון דער חברה אַ מעדאַל!
אַז פון אַנדערע בעק פיעל גרעסער,
אי מיט די הערנער, אי מיט דעם פרעסער,
איז ער — וועט מען וויסען איבעראַל.

נאָר אין דער אמת׳ן איז פאַר דעם באָק
אַן „אבן-נגף״ געווען דער גלאָק,
ווי ער וועט עס שפּעטער אַליין זעהן;
בעמערקען האָב איך פערפעהלט,
אַז אין גרונד איז אונזער העלד
גאָר גאַנץ עהרליך ניט געווען.
מיט די שנעלקייט פון אַ פייגעל,
פון די מולטערס כאַפּט ער בייגעל,
און גלאַט געבעק פון אַלע סאָרטען;
ווען עס האָט איהם נאָר געפּאַסט
פלעגט ער אַריבערגעהן צו גאַסט
אין אַ בעל-הבית׳ישען גאָרטען,
און זיך אָנפרעסען ביז זאַט,
צו וואָס אַפּעטיט ער האָט געהאַט,
אַלץ וואָס דאָרט איז געווען;
אַרויסגעהענדיג פון דאָרט,
גלייך אָפּווישען די באָרד,
פונקט ווי גאָר ניט וואָלט געשעהן.

האָט ער אָבער דעם גלאָק געקראָגען,
איז ער געוואָרען אויף גרויסע קלאָגען,
אַ סוף צו זיינע נאַשערייען;
ווען עטוואָס גנב'ענען גיט ער אַ שפּרונג,
הערט זיך גלייך פון גלאָק אַ קלונג,
און דער עולם הויך נעהמט שרייען:
„כאַפּט דעם גנב! דעם גנב כאַפּט!
גוט די ביינער איהם צוקלאַפּט!
שלאָגט אָפּ מיט איהם כפרות!" —
און אַזוי ווי ער האָט געקראָגען דעם מע'דאַל,
האָט זיך איבערגעדרעהט דער רעדעל, —
ער איז איצט אויף גרויסע צרות!

* * *

גראַדע ווי מיט דעם באָק דער פאַל,
האָט אין א היגע ק"ק פּאַסירט,
די מעמבערס האָבען מיט אַ מעדאַל,
זייער פּרעזידענט פּרעזענטירט;
און גלייך נאָך דעם,
האָבען זיי עם
משלח געווען בשן ועין!
„דער פּרעזידענט,
האָט לאַנגע הענט!" —
הערט מען איבעראַל שרייען.

# צוויי שותפים

(עשר בשביל שתתעשר).

געוואוסט האָט לייביש אַז שטעהט געשריבען
(און וואָס געשריבען איז געווים היילינ,)
אין משא ומתן קומט גרוים מזל ברכה,
ווען מען גיט גאָט פון ריוח אַ חלק.

נו געהט ר' לייביש אין ביזנעס אַריין,
אוצרות ביינזאַמען צו שאַרען,
און וואָס עס וויל, מעג עס אויך זיין,
זיין שותף וועט ער ניט נאַרען....

ער עפענט אַ ביזנעס און געהט באַנקראָט
פאַר די בעלי חובות קיין געלד און קיין סחורה
דאָך דעם פאַרטנער אין זינען ער האָט
און לאָזט שרייבען פאַר איהם אַ תורה

די סטאָר בזכות זה ווערט ווידער פול.
נור אוי וועה ! ס'ברעכט אוים אַ פייער,
און פאַר'ן שותף אַ נייע שוהל
גיט לייביש פון מסחר צו שטייער.

אַם ענדע מעשה שטן געטראָפּען האָט,
אונזער העלד איז אַריין אין דזשייל;
„ממעמקים קראתיך" שרייט לייביש צו גאָט,
פון דיזען ריוח נעהם אויך דיין טהייל!

# חברה גמרא

אַ קײליקע אַ קאַטיק, אַ פוקס אַ קרוק,
אַ כלב אַ חנף, אַ טריפה׳ר פערסוק,
פון כלאים אַ זרעבעץ, צוויי בעק חשוכי בנים
און נאָך אַ פּאָר אַנדערע שנאָרערס בטלנים,
צו דער עלטער זוכען חוזר בתשובה זיין;
אום זייערע חטאים פון לעבען
דערמיט צו פערגעבען
און נאָך זייער קראַפּירען,
זאָל מען בכבוד זיי פיהרען
אַזוי ווי צדיקים אין גן עדן אריין.

נון ווערען די חיות מיט אַ מאָל פרום,
צער בעל החיים׳דיג די צורות — די רוקענס קרום,
גרייזלען די פּאות פערלאַזען די בערד
און זוכען מצוות פון אונטער דער ערד,
מצוות, וואָס זאָל זיי טויגען אויף אַ כפרה;
זיי זאָגען און זופען אין הויכע טענער
צו חנפה׳נען גאָט וויפיעל מען קען נאָר
און נאָך מיט אַ קרוינדעל בעציערען דעם בורא,
דורך דעם לעהרנען זיין הייליגער תורה
זיינען זיי מייסד א חברה גמרא.

נון זיצען די לומדים איבער גמרא'ס געבויגען,
קראַצען די פּעטילניצעס, גלאָצען די אויגען,
נאָכמאַכענדיג ריכטיג רבנ'ישע העויות,
כלומר'שט ווי זיי פערשטעהן אין דעם די חיות
און התפּעלות פון די חריפות קריגען;
ס'מעקעט דער באָק צופּענדיג דעם בערדיל,
שאָקלענדיג דעם קאָפּ הירזשעט דער פערדיל,
דער פערסק קוויטשעט מיט זיין גאַנצען כח
איהם ביים זייט דער כלב בומקעט צו אויך
אין דעם געוועהנליכען גמרא ניגון.

„גוואַלט פּראָסטאַקעס, וואָס נאַרט איהר די וועלט?"
האָט זיי איינער אַ פראַגע געשטעלט
„אייערע מוחות זיינען דאָך צו קליין,
אַפילו אַ שטיקעל עברי צו פערשטעהן,
ווי קומט איהר לערנען גמרא"?
„נעווער מיינד" ענטפערן די חיות פליין
„ניט האָבען מיר וואָס צו פערשטעהן,
און ווילען מיר קיין לומדות געניסען,
דעם צוועק פון אונזער לערנען, ווילט איהר וויסען?
אויף אונזערע חטאים אַ כפּרה.

* * *

איך וואָלט בעמערקט די חברה-לייט
אַז אַ גרויסער שאָדען איז זייער צייט.

אַזאַ לעהרנען קען זיי קיינמאָל ניט נוצען,
נאָר אַזוי ווי זייער גאַנצער מאַכער,
איז אַ טריפה׳ר דבר־אחר.
און מיט אַ פּערסק ווער וויל זיך שמוצען?

# שנוי השם

פאַסירט האָט עס אין סלאַבאָדקע, צוריק שוין מיט יאָהרען,
אין מיטען אַ מיטוואָך, ניט פאַר איצטער געדאַכט
איז מאָטקע בולל פלוצלונג קראַנק געוואָרען,
מען האָט איהם פון יאַטקע אַ גוסס געבראַכט.

די געדערים ברענען די האַרץ דריקט איהם,
די קישקעס דרעהען, דער קאָפּ, ווי בליי שווער,
אין בית הבליעה געפעהרליך שטיקט איהם,
כמעט שוין אונמעגליך צו אָטהעמען מעהר.

זלמן דער רופא איז געקומען און טהוט
אַלץ וואָס ער קען אין דעם חולה'ס נוצען,
באַנקעס און פּיאַפּקעס צו לאָזען בלוט,
שזאַלעוועט אויך ניט קאַנעס אַ דוצען.

און די זנאַכערקע מאַריאַ און לייבקע פאַטראָן
האָבען אויך ביידע געטרייט בחברותא:
פערשיידענע סגולות פאַר'ן גוסס צו טאָן.
די ערסטע דורך טומאה, דער צווייטער דורך קדושה.

נאָר אַ נעכטיגער טאָג, פון די אַלע תחבולות
אַ ברעקעל רפואה קומט ניט אַרוים;
ווי פּאָר אַ יאָהריגען שנעע ווירקען די סגולות
נאָך אַ ווײַלע און מאָטקע איז אוים.

נון האָט מען געמוזט מיט אַ גרויסען געוואַלד,
פּראַמאַ זיך ווענדען צום צדיק אַליין
און „ער זאָל לעבען" האָט טאַקע באַלד
אין קורצע ווערטער געגעבען פערשטעהן:

„זאָל מען אַנאַנדער נאָמען געבען דעם חולה,
חיים זאָל ער הייסען, ניטאָ מעהר קיין מאָטעל,
און דורך שנוי השם, וועט שוין ממילא,
דער גזר דין פון אויבען ווערען בטל."

און כך הוה, אַזוי איז טאַקע געוועז,
בית דין של מעלה פסקנ'ט ווי ער —
ווי נאָר מען האָט מאָטקען משנה השם געוועז,
איז ער געוואָרען געזונד ווי אַ בער.

און כאָטש נאָך דיזער מעשה איז שוין פערבײַ
שעהנע עטליכע יאָהרען,
דאָך איז זי נאָך גאָר שפּאָגעל נײַ,
בײַ מאָטקען אין זכרון.

אין אַמעריקאַ איז איצט מר. מאַקס בולל
אַלס „אַל-רייטניק" האָט ער אַ נאָמען,

אַ פּרעזידענט אין „שרפי קודש" שוהל,
אַ טרוסטי ביי די „עשרת בני המן".

אַליין איז ער געזונד און שטאַרק
אַזוי ווי איינער פון די קאַצאַפּעס;
אַ רויטער פּרצוף, אַ געזונטער קאַרק,
און ועל כולם אַייזערנע לאַפּעס.

אָבער זיין ביזנעס ווערט אָפּט קראַנק
און אַז עס האַלט שוין געהן מכולה,
קומט איהם אַרויף אויף'ן געדאַנק
דעם רבי'ס אַמאָהליגע סגולה.

ער איז משנה השם — און אַ סוף, אַן עק,
ס'הויבט גלייך אָן איבער דאָס ניי לעבען;
מאָטעל איז אַ מכיר טובה און שיקט אַוועק
אַ שעהנעם פּדיון דעם רבי'ן.

# גערעכטיגקייט

## I.

דער גלעקעל גיט אַ קלונג, ס'עפענט זיך די קאַרט.
צו וואַשען ריין די זינדער;
דער דזשאַדזש און דזשוראַרס בעשטייגען זייער אָרט,
משפט'ן די אין מענשען־קינדער.
די שופטים גרויסע בעלי תורה,
מבינים צווישען גוט און שלעכט;
זיי וועלען האַנדלען, האָט קיין מורא
אי מיט יושר אי מיט רעכט.

אַ פערברעכערין, דער קטיגור רופט צום דין,
אין מאָרד איז זי אָנגעקלאָגט;
„דאָס איז אַ מערדערין אין פולען זין"
האָט ער די דזשורי געזאָגט
אומגעבראַכט האָט זי איהר אייגען קינד,
וואָס זי האָט דורך זינד
אויף דער וועלט בעדאַרפט ברייגנען:
זי האָט פערניכטעט אַ לעבען
אום קיין געבורט דאָס צו געבען
און איהר שטראָף בעדאַרף זיין הענגען".

„אַנגעקלאָגטע" פון אויבען אָן
מיט זעהר אַ בייזען טאָן
שרייט דער דיין „איך רעכען":
עס װעט זיין פיעל בעסער
און דיין שטראָף געװיס ניט גרעסער
װען דו ביסט מודה דיין פערברעכען".

„הערר ריכטער איך װעל"
נאָך אייער בעפעהל
און ביי מיין עהרע װיל איך שװערען;
אַז נאָר דעם אמת װעל איך ריידען"
האָט די פערברעכערין בעשיידען
אַנגעהויבען ערקלעהרען.

„אַכטצעהען יאָהר אַלט, מיין נאָמען איז מיימע,
צו צװעלף יאָהר געבליעבען אַ רונדע יתומה,
אָהן אַ טאַטען, אָהן אַ מאַמען, אָהן מיטעל, אָהן געלט;
נאָר אַ שװעסטער'ל 4 יאָהר און אַ ברודער'ל זיעבען,
זיינען מיט מיר בייזאַמען געבליעבען
אָרעם און עלענד אין גאָט'ס גרויסער װעלט.

און יונג בין איך אַרוים אין דער מלחמה
אונזערע לעבענס דערהאַלטען צו טרייען,
מיט דעם גאַנצען לוסט פון מיין נשמה
חיונה געזוכט פאַר אונז דרייען.
געאַרבייט האָב איך 5 יאָהר נאָכאַנאַנד,
מיינע יונגע כחות אַװעקגעגעבען;

אום דורך דעם צו זיין אין שטאַנד
די יתומים׳לאַך דערהאַלטען ביין לעבען.

און זים איז געוועזן פון מיין שוויים די פרוכט,
ניט האָב איך קיין בעסערם פיר זיך געזוכט
געפיהלט האָב איך מיר ווי אין גן עדן;
די קלייניגקע עופה׳לאַך פיהלען קיין נויטה,
זיי זיינען פערזאָרגט מיט אַ היים און מיט ברויט
און מיר בעדאַרפען זיך אויך ניט צושיידען.

און דאָ מיט אַ מאָהל, אוי, דעם טאָג איך פערשילט,
ווען דער שטן האָט מיט מיר אַ טריק געשפיעלט,
אונזער בעשיצער זיין — האָט ער פערשפראָכען;
דאָס, וואָס מיך נאַרישע קינד האָט פערבלענדעט
און גלייך נאָך דעם, ווי ער האָט מיך געשענדעט
האָט ער זיין שבועה געבראָכען.

פיר אייך אַליין, דזשאַדזש, האָב איך איהם פערקלאָגט
און געדענקט איהר וואָס איהר האָט דאַן געזאָגט:
איהר ווילט ניט און קענט מיר ניט גלויבען,
אַז אַ גביר׳ס אַ זוהן, אַזאַ אַריסטאָקראַט
און דערצו נאָך אַ דיפּלאָמירטער אַדוואָקאַט
זאָל אַן אַרבייטער מיידעל בערויבען.

געוועזן איז אָבער אַזוי — אייער יחסן האָט מיך
בעטראָגען,
קערפּערליך רואינירט און גייסטיג געשלאָגען,

און צום שאַנד־קלאָטץ מיך אַוועקגעשטעלט;
געשטעמפּעלט מיך אַלס אַ פּרוי פון זינד
און אַלס אַ ממזר זיין אייגענעם קינד
פאַר דער גאַנצער אָפענער וועלט.

און פון דאַן אָן האָט קיינער בשום אופן
געוואָלט פון מיר מיינע אַרבייט קויפען,
ווי אַ חיה האָט מען מיך געטריעבען;
צוליעב וואָס אין דלות און אין נויטה,
אָהן אַ היים און אָהן ברויט,
זיינען מיינע יתומים׳לאַך געבליעבען.

אַגב, וואָס האָט די מענשהייט אָנגעגרייט
פאַר אַ קינד, וואָס זיין זינד בעשטעהט,
וואָס מען האָט אָבגענאַרט זיין מאַמען?
אויב ניט פלוך, שאַנד און שפּאָט
און ווי פון מענשען, אַזוי פון גאָט
אַ אויביגער פערדאַמען,

„ממזר" וועט ער ביי זיי הייסען
מיט שאַנדע וועלען זיי איהם פערשטויסען
און צו מאַכען אַלע טהירען;
און ניט ווילענדיג האָב איך אַ בעשלום געפאַסט
ניט זאָל איך דעם „אונגעבעטענעם גאַסט"
אין דער וועלט אַריינפיהרען".

„גענוג”, האָט זי דער דזשאָדזש איבערגעריסען
„גענוג”,  דאָס אַלץ, וואָס מיר דאַרפען וויסען
און איהר, געשוואָרענע הערען !
ווענען איהר שולד איז איבריג קלעהרען
ווי זי זאָגט אַליין,
האָט זי מערדערליך געמיין
פערניכטעט אַ וועזען, וואָס האָט געקענט לעבען ;
איהר הערט דזשענטלמען ? אַ לעבען !
פון דעם אַלען העכסטען געגעבען,
ווי קען זיך דאָס ווער אונטערשטעהן ?
אַ לעבען פאַר אַ לעבען,
האָט מען אַ דין אונז געגעבען
און נאָך דיזען פאַרשריפט וועלען מיר געהן.”

# געךעכטיגקייט

## II.

דער זעלבער בית המשפט מיט אַ טאָג שפּעטער
האָט זיך ווידער אויפגעמאַכט,
צום משפּט האָט מען היינט דאָ אַ פערברעכער
געשמיט אין קייטען געבראַכט.
רעגימענט אָפיציערען
אין מיליטערישע מונדירען
זיינען אין מאַסען אהער געקומען;
אַ קריעגס געריכט קומט דאָ פאָר
און צו עקסטען אַלס פּראָקוראָר
האָט דער פעלד מאַרשאַל זיך גענומען.
און באַלד דערויף מיט אַ הויכען קול
ווערט פאָרגעלייענט דער פּראָטאָקאָל:

„דאָס איז געוועזען פון אונזער לאַגער ניט ווייט,
אין יענע פאַר אונז ביזע צייט,
וואָס געלויערט האָבען מיר טאָג טעגליך
צו פערניכטען לעבענס, וויפיעל נאָר מעגליך
און קעפּ שניידען ווי די זאַנגען;
האָט דער ליעבער גאָט צו אונז פערראַטהען

אַ צוואַנציג פון דעם שונא'ס סאָלדאַטען
וועלכע מיר האָבען גלייך געפאַנגען.
און נאָך די רעגלען פון ציוויליזאַציאָן
האָבען מיר קיין זאַך געטהאָן
ביז מען האָט זיי אַ ריכטיגען טרייעל געגעבען;
און אונזער ריכטער, אַ גרויסער עקספּערט
האָט אַלס שפּיאָנען זיי ערקלעהרט,
און געמאַכט זיי בעצאָהלען מיט דעם לעבען.

איך נעהם גלייך קאָמאַנדירען
דעם פסק בית דין אויסצופיהרען
אַלס דינער צו מיין לאַנד אַ געטרייער;
אויסגעשטעלט די שפּיאָנען אין דער רייה,
אַרויסגערופען אונזערע סאָלדאַטען צוויי
און געהייסען געבען פייער.
אָבער איינעם פון דיזע צוויי,
אָט דאָ שטעהט ער דער שופט;
האָט זיין פלינט געטאָן אַ דרעה
און געשאָסען אין דער לופט.
זייערע לעבענס צו פערניכטען
האָט ער גאָר ניט געטרייט.
ער האָט פערנאַכלעסיגט זיינע פליכטען,
און דעריבער, געעהרטע דזשורי-לייט,
פערקלאָג איך אָט דיעזען סאָלדאַט,
אין לאַנדעס-פערראַטה,
און וויל אויף אַייער גערעכטיגקייט האָפען,
דאָס איהר, עהרליכע פּאַטריאָטען,

וועט אזעלכע שעדליכע ברואים אויסראָטען,
און מיט דעם טויט בעשטראָפען !".

„אָנגעקלאָגטער !" — האָט דער ריכטער זיך געווענדט
צום יונגען פול מיט לעבען סאָלדאַט :
„דעם כבוד פון דיין פאַטערלאַנד האָסטו געשענדט
מיט דיין מיזעראַבעלען טהאַט,
מיט דיין די געפאַנגענע ניט שיסען
האָסטו אויף דער אַרמעע געבראַכט אַ פלעק,
דאָך וואָלטען מיר װעלען וויסען,
וואָס איז געווען דערמיט דיין צוועק ?".

„מיין צוועק איז איינפאַך, — איך בין ניט קיין ברוט !",
האָט דער אָנגעקלאָגטער שטאָלץ אָנגעהויבען :
„איך בין אַ מענש — ניט דורסטיג נאָך בלוט,
איך קען פון קיינעם קיין לעבען רויבען,
איהר הערט, געעהרטע ריכטער, אַ לעבען !
פון דעם אַלמעכטיגען געגעבען,
ווער קען זיך אונטערשטעהן עס צו נעהמען ?
איהר האָט מיר צום משפט געשטעלט,
ווייל מאָרדען האָב איך ניט געוואָלט ?
אַ מערדער זייט איהר אַליין, איהר זאָלט אייך שעהמען!
אויך מיך טויטען וועט איהר, כ'וויים עס, ווילדע חיות,
בלוט-דורסטיג זייט איהר, ס'איז ביי מיר קיין נייעס !
איך לאַך אָבער פון אייך, מיין געוויסען איז ריין, —

איידער אַן אַנדערען צו טויטען, בעסער שטאַרב איך
אַליין,
און אויף אַייערע קעפּ אונזערע אונשולדיג בלוט !".

„שטיל ! דו שורקע !", דער דיין שרייט, „ניט איין
וואָרט מעהר !
אַ בן-מות ביזסטו — דאָס איז גאָר קיין קלעהר,
און וועל טאַקע מיט דיר מאַכען קורץ און גוט :
איך פער'משפּט פריטץ מיללער דעם סאָלדאַט,
בעשולדיגט אין לאַנדס-פערראַטה,
וואָס האָט צו שיסען דעם בעפעהל ניט געוואָלט הערען,
ער זאָל נאָך טאַקע היינט אַליין דערשאָסען ווערען !".

עס פרעהט זיך דער אַשמדאַי און פּלאַצט פון געלעכטער
אומזיסט אַ דזשאַב האָבען פּאַר איהם געטהאָן
פון גערעכטיגקייט, די געעהרטע וועכטער,
אונטער דער מאַסקע פון ציוויליזאַציאָן !

# די ווייבּעל מיט דעם כתב

אויף מנוחקען, אַ ווייבעל שוין צוויי יאָהר גע'גט,
האָט דער עולם אין שטעדטיל גערעדט
עפּעס גאָר ניט קיין שעהנע זאַכען ;
אמת אָדער ניט — ווער קען דאָס זאָגען ?
דאָך האָט זי פון קהל נאָטים געקראָגען :
זי זאָל זיך רעדי צו מופּען מאַכען.

ווילענדיג, ניט ווילענדיג, זי מוז געהן,
אַזוי איז געוואָרען פון קהל בעשלאָסען ;
נאָר פאַר'ן אַוועק האָט זי דעם רב געזעהן
און גע'טענה'ט בזה הלשון :
„ליעבער רבי, איך מוז אַוועק פון שטעדטיל,
און צווישען פרעמדע אַ מקום מנוחה קריגען,
וואָלט איך פון אייך געבעטען אַ צעטעל,
אַז דאָס וואָס מען זאָגט אויף מיר איז ליעגען !"׳

איהר בקשה איז ממלא דער רב,
ער גיט איהר מיט דעם פערלאַנגטען כתב,
רחמנות אויף מנוח'קען האָט ער געהאַט ;
נאָר ווי זי האָט געבראַכט דעם צעטעל

צום מרא־דאתרא פון דער נייער שטעדטיל,
האָט ער פערשטאַנען, אַז ס'איז עפּעס ניט גלאַט...

* * *

מיר געהען אַ מאָהל בעטען
ביי גוי'עשע אויטאָריטעטען
כתבים — אונז צו וואַשען ריין
פון עקעלהאַפטע זלזולים
און פערשיעדענע בלבולים,
וואָס ס'ווערט בעשאַפען פון זיי אַליין.
אַזעלכע כתבים, שפּעטער מיט דורות,
דער עולם וועט עס זעהען,
און זיך טראַכטען, אַז בעל־עבירות
זיינען מיר מסתמא געוועזען...

# מיין תפלה

לב טהור ברא לי אלהים
ורוח נכון חדש בקרבי.

מיין הארץ, אָ גאָט, אין מיר, מאַך ריין,
אַ גוטען גייסט אין מיר בעניי !
דעם אמת נאָר, און דעם אמת אַליין,
זאָל איך אייביג בלייבען טריי !
רעכט זאָל דיינקען מיין פערשטאַנד,
רעכט זאָל אַרבייטען מיין האַנט,
אויך מיין האַרץ זאָל פיהלען רעכט,
פאַר דעם מענשליכען געשלעכט !

# רעווערענד

אַ איזבאָרשטשיק איז ער אין דער היים געווען,
שטעדטיל'ס אומזיסטער פרעסער ;
און לופעט די הויט וויפיעל ער קען
פאַר'ן געבען פאַלשע פעסער.

ד אָ   איז ער אַ רעווערענד,
מיט אַ דעה זעהר אַ ברייטע ;
און רייסט און צופט מיט ביידע הענט
פון לעבעדיגע און פון טויטע.

פאַר די ערסטע האָט ער אַ מאַשין,
וואָס ברייגנט איהם ממון קרח ;
אַ מטבע אַריין וואַרפט איהר דרין,
און אַרויס קומט אַ מי-שברך.

און פאַר די טויטע ער בעטרייבען
זיין אַלטע מלאכה האָט זיך גענומען ;
פאַלשע פעסער טהוט ער שרייבען
אין גן-עדן אַריין צו קומען . . .

# דער פּאַסטוך און די שעפּסען

כד רגיז רעיא על ענא עביד לנגידא סמותא.

די שעפּסען האָבען אַ בעשלוס געפּאַסט :
זיי זאָלען אַראָפּוואַרפען דעם לאַסט
פון דעם פּאַסטוך, זייער הערר ;
ניט האָט ער מעהר אויף זיי צו זאָגען,
ניט טרייבען און ניט יאָגען,
און ניט אויפהויבען קיין שעער.

אויף זיי פלאַם-פייער דער הירט ווערט,
„אַזאַ חוצפּה, — ווער האָט געהערט ?
זיי זיינען רעוואָלוציאָנערען !
גרוים וועט זיין די שטראָף,
אָט פאַר די דומע שאָף,
אַ תל מוז פון זיי ווערען !״.

און צו בעשטראָפען די נאַרישע פּיה,
דער פּאַסטוך גיט זיך קיין פיעל מיה,
וואָס קען דאָס פאַר איהם טויגען ?

אַלעס וואָס ער טהוט — איז:
ער ברענט אָן אַ הייסען שפּיז,
און שטעכט זייער לידער אוים די אויגען.

און איצט באַרג אַרויף, באַרג אַראָפּ,
דער בלינדער קריכט און ברעכט זיין קאָפּ,
ווי פון בייזע רוחות געטריעבען;
נאָך איהם די שעפּסען געהען נאָך,
און יעדען איינעם כאַפּט דער בראָך,
ניט איינער איז גאַנץ געבליעבען.

* * *

ווען פיר אונזערע גרויסע זינד,
וויל אונז גאָט בעשטראָפען,
מאַכט ער אונזער פיהרער בלינד,
און דאַן טרעפט מיט אונז געשווינד
וואָס מיט די שעפּסען האָט געטראָפען.

# אַ מאַמעס האַרץ

געוועזן אַ מאָהל אַ יונגער מאַן,
אַ געליעבטע ביי איהם פאַראַן,
ווי זיין לעבען טהייער;
זי צו מאַכען פיהלען גוט
איז ער בערייט יעדע מינוט
צו וואַרפען זיך אין פייער.
און אַ פאָרשלאַג זי איהם מאַכט:
„אַזוי ווי אין חלום לעצט נאַכט
איז איהר אַ סוד ענטפּלעקט געוואָרען:
אייביג שעהן בלייבט איהר געשטאַללט,
ווען די האַרץ פון דער פרוי זי האַלט,
וואָס האָט איהר געליעבטען געבאָרען.

אַלזאָ, מיין לעבען! זיי אַ גוטער,
געה און הורג אַוועק דיין מוטער,
ריים אַרויס די האַרץ פון איהר;
אַלס מתנה מיר עס מאַך
און זיין וועט דאָס די בעסטע זאַך
וואָס איך האָב ווען געהאַט פון דיר.”

דערשראָקען ווערט די מאַמעס קינד.
„מיך צו ראַטהען צו אַזאַ זינד,
זי האָט אָבער ניט געטראָפען ;
„אָה, זיי פערשאָלטען, דו מרשעת!”
גיט ער אַ געשריי מיט כעס,
און איז פון איהר אַנטלאָפען.

אויף מאָרגען אָבער קומט ער צוריק
און וואַרפט זי נאָר אויף איהם אַ בליק,
איהר שקלאַף ער ווידער ווערט ;
און נאָך אַ מאָהל מיט פייער מעהר,
חזר'ט זי איבער איהר בעגעהר,
וואָס ער שוין נעכטען האָט געהערט.

„געה מיין ליבער, געה מיין גוטער,
געה אַוועק און טויט דיין מוטער,
איהר האַרץ ברייננ צו מיר !
אייביג בלייבט מיין שעהנקייט גאַנץ
אויף מיין געזיכט אַ פרישער גלאַנץ
און דאָס אַלץ געהערט צו דיר”.

און אויך היינט, ווי ער הערט עס זאָגען,
לויפט ער וואו די אויגען טראָגען,
ער קומט אָבער באַלד ווידער ;
און די געליעבטע מיט איהר טייוועל שטים,
איבער דאָס ניי זינגט פאַר איהם
איהרע פריהערדיגע לידער.

ער עקט אַזוי אַ פּאָאַר מאָהל מעהר,
אַם ענדע צום טייוועל פערקויפט זיך ער
ער טהוט ווי זי האָט געאָרדערט;
ניט קען ער זיך מעהר קאָנטראָלירען,
ער מוז איהר בעסטיע־וואונש אויספיהרען
זיין מוטער האָט ער ערמאָרדעט.

פון זיין מאַמען דאָס האַרץ נעהמט דאָס קינד,
צו זיין געליעבטע לויפט ער געשווינדט
די מתנה איהר אַוועקטראָגען;
אָבער לויפענדיג פאַלט ער אַ ניעדער
און האָט וועלכע פון זיינע גליעדער
אָן אַ שטיין אָבגעשלאָגען.

„וואָס לויפסטו אַזוי געשווינדט
מיין טהייערעס קינד?"
גיט די מאַמעס האַרץ אַ געשריי;
„ווילסטו ניט דיין מאַמען זאָגען
וואו האָסטו זיך צושלאָגען?
וואָס עס טהוט דיר וועה?"

# חרטה אויפ׳ן שידוך

דער שידוך איז געוואָרען געשלאָסען,
מאָטע מיט מאַריאַסען זיינען פער׳קנס׳ט
און די כלה און דער חתן
ווי צוויי טראָפּען האָבען געפּאַסט.

ער מיט זיין קאַריערע האָט
געשפּיעלט אין שטעדטעל אַ גרויסע ראָלע,
געוועזן אַ פּאַרשציק אין אַ באָד
און אַ שמייסער ביי אַ בעל עגלה.

און מאַריאַשע אין די זעלבע באָד,
אַזוי ווי איהר חתן מאָטעל גראָד
האָט אויך פּלענטי געמאַכט מזומן;
איהר עובדא איז געוועזן די ווייבער רייבען
דאָרט, וואו עס לאָזט זיך ניט בעשרייבען
וואָס פּלעגען אין מרחץ קומען.

יעצט אין אַמעריקאַ זיינען זיי ביידע,
ער אַ מיסטער, זי — אַ ליידע
און האָבען בחברותא געטרייט ;

ס'איז איבריג אייך זאָגען—וואָס זיי האָבען געטריעבען,
אַ ביסעלע ממתקים צוזאַמענגעקליעבען,
אַבילע געוואָרען אָלרייט.

און דאָ אַז איינער איז אָלרייט
ווערט ער גלייך פון די פיינע לייט,
מיט אַלע מעלות אַ בעל הבית;
און מען האָט דעריבער אונזער מאָטען
גלייך אין יחוס אויסגעקנאָטען
און געמאַכט איהם פאַר אַ ראש.

גלייך זיך צו בלאָזען הייבט אָן מאָטע,
אויף דעם שידוך האָט ער חרטה
הלואי וואָלט ער מאַריאַשען ניט געקענט;
ווי קומט אַ מויד, אַ מויד וואָס האָט
איהר גאַנצען לעבען געשאַפט אין באָד
האָבען אַ מאַן אַ פּרעזידענט!....

און מאָטעל הויבט זיך אָן בריקען,
ווי פיעל מעגליך מאַריאַשען שטיקען,
ער זוכט אַן אַנדערע איהר אָרט צו געבען;
ווי די כלבים הייבען זיך אָן רייסען,
ער זי קנייפען, זי איהם בייסען,
אַ הינטעשער ווערט ביי זיי דאָס לעבען.

דאָ זיינען צו הילף די ווייבער געקומען,
מאַריאַשען אין סאָסייטי אריינגענומען,

אַלס פּרעזידענטין זי גלייך געמאַכט ;
און מעג קומען טאַקע דערפאַר אויף זיי אַ ברכה,
ווייל זיי האָבען פּעררינכט די גאַנצע מערכה,
און דעם שלום-בית צוריק געבראַכט.

# וואָס איז דאָס פאַר אַ זינגען?

אָמרו מלאָכי השרת לפני הקב"ה: מפני מה ישראל אין אומרים שירה בראש השנה ויום־הכפורים? אָמר להם: ספרי חיים וספרי מתים פתוחין לפניו וישראל אומרים שירה?

אויף דעם הימעל דער שופר שאַלט,
פון בית־דין אַ סיגנאַל:
ס'הויבט זיך אָן דער משפט באַלד,
פאַר דער גאַנצער וועלט אין כלל.

אין פייערדיגע קליידער אָנגעטהאָן,
דער דזשאָדזש פערנעהמט זיין אָרט,
לייענען הויבט דער פנקס אָן
יעדערענס רעפאָרט:

אַ מחלל־שבת איז געווען זרח,
אַן אוכל־טריפות — ר' שמעריל,
אַ גזלן און אַ גנב — ברוך,
אַ גרויסער נואף — בערעל.

דער פּרעזידענט אין הקדש — אַ מועל,
אַ נידעריגער חונף — דער שמש,
אַ לוקח שוחד — הרב ר׳ יואל,
דער חזן — אַ בועל אַרמית.

אַ חמסן איז דער נדבן מאַטעס,
זיין געלד בהנאה אָסור,
שמואל־הערש דאָך אַ חטאת,
כאָטש ער ווייזט זיך אַזוי כשר.

און אַזוי דערצעהלט זיך סודות,
דורך אַ הויכע קלאָהרע שטימע,
און גע׳חתמ׳עט איז אַלס עדות,
יעדערער מיט זיין חתימה.

אָם ענדע בלייבט דער פּנקס שטיל,
סניגורים רופט די קאָורט,
און דער מלאך גבריאל,
פון דזשאָדזש פערלאַנגט דאָס וואָרט.

„גנעדיגער האַר פון וועלטען אָהן צאָהל!״,
הויבט גבריאל אָן בעשיידען,
נאָר דאָ ווערט אַ טומעל מיט אַ מאָל,
דער מליץ מוז סטאַפּען ריידען.

מאָדנע נגונים אין לופט שווימען,
אָט צימבעלט עס אויף אַ קאָזאַצקע,

דאָ בעגלייטען עטליכע שטימען,
אַ דזשיג פון אַ נקבה אַ כוואַטסקע.

און הערט זיך דאָרט אַ פרעהליכער מאַרטש,
ווי אַנטקעגען מחותנים,
און דאָרט טומעלט אַ איבעלער קוואַטש,
ווי פון שיכור'ע יונים.

„וואָס איז דאָס ?" — אַ געשריי גיט דער דיין,
„ווער סמייעט אָרדער צו שטערען ?
ווי קומט אַהער דאָס זינגען און שרייען
עס איז דאָך פערטויבט צו ווערען !".

„הערר פון דער וועלט ! האַלט איין דיין כעס !",
בערוהיגט דער שר הפנים,
„דעם טומעל, וואָס מען הערט אין רעש,
דאָס איז זינגעריי פון חזנים :

אַ „נעריצך" פון בעלזער, „האוחז" פון סלוצקער,
פון קאַפּולער „היום הרת עולם",
אַ „ילד שעשועים" פון לייבקע קאַפּוצקער,
אַ „מי־שברך" פון בענצעל גולם !".

„ס'זאָל זיין שטיל !" — האָט אַ דונער געגעבען,
„וואָס זיינען דאָס פאַר אַ פראים ?
ס'ווערט דאָ גע'משפט אויף טויט און אויף לעבען,
און זינגען זיי גאָר די משוגעים !" . . .

# ר׳ בערל נדבן

אַ גרויסער נדבן איז ר׳ בערעל,
אַן אָפּענע האַנד ער האָט ;
אוצרות גרויסע, געלדער שווערע
גיט ער שטענדיג אוים פאַר גאָט.

איהם צו פערזאָרגען מיט וואָס נאָר נעטיג
איז בערעל אַלע מאָהל בערייט ;
בויט איהם שוהלען, שעהנע גרויסע,
שוהלען פענצי, אָפּ טו דייט.

און דער צו יעדען יאָהר,
אַ אימפּאָרטירטע ספר תורה ;
אַ פּרוכת מיט גאָלד געשטיקט
און פון כסף טהור אַ מנורה.

בערעל, וואָס איז מיט אייך דער מער,
וואָס ספּענדט איהר אויף גאָט אַזוי פיעל מזומן ?
וואָס זוכט איהר פליזען אַזאַ פּאַרטי,
ביי וועמען איהר האָט ניקס גענומען ?

פאַר וואָס בעסער דאָרט ניט געבען,
וואו „שליחות יד" האָט איהר געמאַכט ?
וואו ? און וועו ? — ניט מיינע ביזנעס.
גיט, זייט מוחל, אליין א טראַכט !

# פערסוק

(פּאָלעמישעס.)

האָט איהר אַ מאָהל בעמערקט אַ שוויין,
אין וואָס פאַר אַ שמוטץ ער זאָל ניט זיין,
זיין פיסעל האַלט ער אויסגעצויגען;
מיט די כיטראָסט פון אַ קרוק
האָט אין זינען דער פערסק,
צו פערבלענדען אייך די אויגען.

די מפרסת פרסה געהט ער ווייזען,
מיט דער מיט צו אַדווערטייזען
זיינע כשרה סימנים;
דאָך גאַנץ וועניג העלפט זיין טריק
דען גלייך מיט דעם ערסטען בליק
אַ טריפה'ן זעהט איהר ביי איהם פנים.

און איהר בטל'ט בייזע חלומות אוים
פון אייך אַליין, און פון די גאַנצע הויז
צו זיין גוף און זיין נשמה
פערסק, גנב, ימח שמך!
כאָטץ אַ מפרים פרסה — פאַר אידען דאָך
ביז דיין פגירה בלייבסטו טמא.

אַ פּערסק קען איך אויף רגלים צוויי,
ווי זיין פיער־פיסיגער חבר, גראַד אַזוי,
זיך כשר ווייזען אַלץ טרייט ער,
טריף ווי חזיר ביי איהם דאָס האַרץ,
זיין נשמה ווי קויל שוואַרץ
„און כשר בין איך" שרייט ער.

איהר הערט איהם זינגען די „התקוה",
איהר טרעפט איהם קלייבען אויף אַ מקוה
אין אידישקייט אַ גאַנצער מאַכער
נור גיט איהר אויף דעם פּרצוף אַ קוק
אָט פון דעם דאָזיגען פּערסק
גלייך דערזעהט איהר דעם דבר אחר.

# פריי נאָך ישעיה

קרא בגרון אל תחשך, כשופר הרם
קולך והגד לעמי פשעם.

און גאָט דער הערר האָט געזאָגט צו מיר אַזוי :
גורט אָן דיינע לענדען, צו מיין פאָלק גנה !
זייערע זינד זיי ערקלעהרען ;
אַזוי ווי פון אַ טרומפּייט אַ שאַלל,
זאָל זיך דיין שטים איבעראַל
אין די גאַסען לאָזען הערען.

האָב קיין מורא, זיי נאָר דרייסט,
זאָג זיי, זאָג זיי, וואָס דו ווייסט,
און פראַמאַ אין די אויגען ;
און מעגען זיי דיר שונאים ווערען,
טויטליך האַסען, דיין בלוט בעגעהרען,
קיין זאַך זאָלסטו פערבויגען !

ערקלעהר זיי, ווען זיי מיין הויז בעטרעטען,
מחילות שנאָרען, רחמים בעטען,
דורך ליאַרעמען און שרייען ;
מאַכען זיי זיך צו שאַנד און שפּאָט,

ווייל „לאפקע" געבען זייער גאָט
זוכען זיי צו טרייען.

מיט שבחים, הללויה'ס זינגען,
מיט „אָמן'ס" שרייען, „קדוש" שפּרינגען,
און מיט שווערע געלד, וואָס זיי ספּענדען;
דיינקען זיי מיר צו בעזיעגען,
חן וחסד ביי מיר קריגען,
און מיינע אויגען צו פערבלענדען.

גרויסע שוטים וואָס איהר זייט,
ווען איהר גאָט דעם גרויסען טרייט
ווי אַ מענשען, אויף דעם זעלבען אופן;
מיט חניפות, שקרים ניט געפלויגען,
וואָס איהר זאָגט איהם אין די אויגען,
אָדער מיט געלד אונטערקויפען.

אויף אַ שוהל און אויף אַ תורה,
און אויף נאָך אַזעלכע סחורה,
אַלס שוחד פאַר דעם דיין;
האָבען האָט איהר דאָן אין זינען,
אויף אייער זייט מיך צו געווינען,
אייך פון שטראָף זאָל איך בעפרייען.

דעריבער אייערע תפילות וועל איך ניט הערען,
פון זיי מיט עקעל זיך אָפּקעהרען,

און פערהאַסען טוה איך אַזעלכע מתנות;
מיין צאָרן טהוען זיי נאָך ערוועקען,
ווייל אויף זיי פון בלוט זעה איך פלעקען,
פון די בערויבטע — אייערע קרבנות!

זייט נאָר עהרליך, אין יושר גלויבט,
מאַכט גוט דאָרט, וואו איהר האָט גערויבט,
וואו ניט עהרליך איהר האָט גענומען;
און דאַן, אַז איהר וועט אָהן הכנות,
אָהנע חניפות און אָהן מתנות,
נאָר אַלס עהרליכע קינדער צו מיר קומען.

אָ! דענסטמאָל בין איך בערייט,
אין יעדען אָרט, צו יעדער צייט,
אייך מיט ליעבע צו עמפפאַנגען;
און ערפילען פינקטליך און געשווינד,
ווי אַ פאָטער פון זיין קינד,
אַלע אייערע פערלאַנגען.

פון אַלע געפאַהרען וועל איך אייך רעטען,
נאָך בעפאָר איהר וועט מיר בעטען,
נאָך בעפאָר אייך שלעכטעס האָט געטראָפען;
אָהן געשרייען, אָהן געוואַלדען,
זאָרגזאַם וועל איך אימער האַלטען,
מיינע אויגען איבער אייך אָפען!

אַלס אייביגער וועכטער אָנגעשטעלט
אויפצופּאַסען אויף דער גאַנצער וועלט,
קיינעם קיין בייזעס זאָל געשעהן ;
בין איך אימער דאָ פאַר אייך,
און פאַר אַלע מיינע קינדער גלייך,
וועל איך זיין — און בין געוועזן !

דיזען בוך איז צו בעקומען ביים פערפאַסער

# C. SAUBER,

**219 N. Second St., Allentown, Pa.**

**פרייז 50 סענט**